# דראַמאַטישע שריפטן

ערשטער בוך

פון

## מאָרים מילשטיין

פאַרלאַג כסף וזהב
ניו יאָרק, 1934

די וועלכע ווילען זיך באנוצען מיט דעם בוך פאר וועלכען עס איז צוועק אין דער עפענטליכקייט זיינען געבעטען צו מעל־דען זיך פאר דער הסכמה פון פארפאסער.

אָן ערלויבניש איז פּאָזיטיוו שטרענג פארבאָטען...

צו ווענדען זיך אויפ׳ן פאָלגענדען אדרעס :

Morris, Milstein, 289 Vermont Street, Brooklyn, N. Y.



Futuro Press, 476 Broadway, New York, N. Y.

מיין פאָטער, מיין חבר —
דוד צבי בן מתתיהו !
עהרע דיין אָנדענק...

מתתיהו בן דוד צבי.

"Иди-ж, он продолжал:
"Держись сего ты света".

Пушкин.

# דאָס שטילסטע שטעטעלע

# דאָס שטילסטע שטעטעלע

(ערגעץ וואו אונטערן פרייען הימעל)

א ל י י ן : (זיצט אויף אַ הויכן שטיין פאַרגראָבן מיט דער קאָפּ אין די הענט אויף די קנים.)

ש ט אָ ט מ א ן : (קומט אָן פון ערגעץ. פייפט אויס אַ פרעהליכען מאָטיוו).

א ל י י ן : (הויבט לאַנגזאַם אויף זיין קאָפּ. שטעלט אָן זיינע בליקען).

ש ט אָ ט מ א ן : (געהט פערביי).

א ל י י ן : וואוהין געהט א מענש?

ש ט אָ ט מ א ן : אין דעם שטילסטען שטעטעלע.

א ל י י ן : ליבע זוכען? (גראָבט איין צוריק דעם קאָפּ.)

ש ט אָ ט מ א ן : יאָ, ליבע; ריינע ליבע און רוה.

א ל י י ן : אומזיסט דיין טרחה.

ש ט אָ ט מ א ן : וואָס איבערציייגט דאָס?

א ל י י ן : די פערגאַנגענע צייט.

ש ט אָ ט מ א ן : צייטען בייטען זיך.

א ל י י ן : ניט דער מענש. דער מענש בלייבט אייביג דער זעלבער. אַלע מיט איין געדאַנק און פערלאַנג. פערביי מיר, אָט דאָ, געהן זיי אַלע דורך און מיט ליידיגע הענט קערען זיי זיך אַלע אום צוריק.

ש ט אָ ט מ א ן : ווער ביזטו? קום ארונטער פון שטיין, צייג מיר דיין פּנים.

א ל י י ן : האָסט'ס שוין ניט איינמאָל געזעהן.

ש ט אָ ט מ א ן : איך?

א ל י י ן : יאָ, דו.

ש ט אָ ט מ א ן : דאַן זאָג מיר דיין נאָמען.

א ל י י ן : מיין נאָמען איז, אַליין.

ש ט אָ ט מ אַ ן: דאַן ביזטו מיר פרעמד.

אַ ל י י ן: ניין, דו ביזט אויסגעוואַקסען מיט מיר. דער־קענסטו מיך ניט?

ש ט אָ ט מ אַ ן: ניין. איך קום פון שטאָט. מיין נאָמען איז, שטאָטמאַן.

אַ ל י י ן: יאָ, דערויף גלויב איך דיר; דיין פּנים, דיינע אויגען זאָגען דאָס; אפילו ווען איך וואָלט דיך אַצינד צום ער־שטען מאָל געזעהן. — און איצט, ווילסטו דאָס שטילסטע שטע־טעלע געפינען, דאַן פאָלג מיך, איך בין יעדען איינעמס פריינד, קום ארויף אהער, זעץ דיר אַוועק אָט דאָ נעבען מיר און רוה. רוהיגער ווי מיט מיר, אַליין, אָט דאָ, וועט דיר אין ערגעץ ניט זיין.

ש ט אַ ט מ אַ ן: יאָ, דאָ איז רוהיג, שטיל: בראַט די זון די אויגען אויס.

אַ ל י י ן: תירוצים... ווי היים די זון זאָל דאָ ניט באַ־קען, בראָטען, נאָך איז קיהלער ווי אין שטילסטען שטעטעלע אונטער די שאָטענס פון בוימער און דעכלעך פון ווערענדעס.

ש ט אָ ט מ אַ ן: דו איבערטרייבסט.

אַ ל י י ן: וואַרט, איך האָב נאָך פיל ניט דערזאָגט. — נור וואָרום אַנטלויפסטו אַזוי פון שטאָט?

ש ט אָ ט מ אַ ן: איך אַנטלויף ניט. איך האָב מיר בלויז נאָכ'ן שטילקייט, נאָכ'ן רוהיגקייט פאַרבענקט.

אַ ל י י ן: אהא, שטילקייט, רוהיגקייט, דאָס איז שעהן. אָבער דאָרט וואו צוויי צוזאַמען, קאָן שוין קיין שטילקייט, קיין רוהיגקייט ניט זיין. פריער אָדער שפּעטער, דאָס פאַרדאָרבענע וואַקסט ארויס. יעדער איינער איז די פאַרקערפּערונג פון טי־ראַני. און איבער וועמען אויב ניט איבער דעם צווייטען ווערט די טיראַני אויסגעגאָסען? מעג דער צווייטער דער אייגענסטער, דער ליבסטער זיין!

ש ט אָ ט מ אַ ן: ניין, אַליין, דו האָסט דאָס שעהנע, דאָס גרויסע ניט געזעהן. דער וואָס אַנטלויפט פון מענשען, בע־האַלט זיך אין פאַרשלאָסענע חדרים, שליסט צו זיינע אויגען און וויל אויף גאָרניט ניט קוקען — פאַר דעם ווערט געוויס די

זונן אין שעהנסטען טאָג מיט פינסטערניש געשלאָגען; אין זיינע הימלען שטורמט די שטענדיגע נאַכט; און די מעכטיגע אוצרות, אוצרות פון וואונדער איבער וואונדער זיינען ביי אים אונטערן נאָז באַגראָבען. — נײַן, אַליין, דו ביזט בלויז אַ קראַנ־קער, אַ פוילער —

אַ ל י י ן : גענוג!... „אוצרות“!... פרעס אַרויס דאָס בלוט פון יענע אוצרות, פון דעם שענסטען, פון דעם גרעסטען, מעסט דאָס אויס און פאַרגלייך דאָס מיט דעם בלוט אין דיר —

ש ט אָ ט מ אַ ן : אַזוי איז די וועלט, אַליין, געשאַפען. אומזיסט ווערט גאָרניט געגיבען, און עס דאַרף אונז פרעהען וואָס מיר האָבען וואָס צו קויפען און מיט וואָס צו בעצאָהלען. זאַכען וועלכע מע בעקומט פאַר ביליג, פאַר אומזיסט, ווערען ממילא זעלטען ווען געשעצט. נור וואָס טייערער, מיט וואָס מער בלוט די זאַך ווערט געוואונען אַלס ליבער איז זי —

אַ ל י י ן : גענוג דיר שוין, שטאָטמאַן, גענוג! דאָס אַלעס האָב איך שוין געהערט נאָך פאַר דיר. געה דיר דאַן, געה. איך בלייב דאָ. און וועסטו קומען אין דיין שטעטעלע, געדיינק מיינע ווערטער: מער ווי פאַרשלאָפענע חיות וועסטו ניט טרע־פען און וועסטו זיי אויפוועקען וועלען זיי דיך גלייך צורייסען.

ש ט אָ ט מ אַ ן : ווערען צוריסען פון חיות אין קערפער איז נאָך אַלס ניחה׳ער ווי פון אַזעלכע... נו, אָט, ווי פון אַזעלכע ווי דו, אַליין, אין גייסט געריסען צו ווערען.

אַ ל י י ן : דאַן געה, האָב איך געזאָגט. איך האַלט קיינעם ניט צו. איך געה ניט צו קיינעם, נור קומט ווער צו מיר, וועל איך מיט יענעם שטענדיג מיינע געדאַנקען טיילען. דאָס איז דאָס איינציגע וואָס איך קאָן. און איצט, האָב איך דיר דערעסען, דאַן געה דיר דיין וועג. וועסט קומען צוריק, וועסטו זיין אַ גאַסט. אַן אַלט־נייִ וואָרט האָב איך פאַר יעדען שטענדיג גרייט. (אַ שווייגען.)

ש ט אָ ט מ אַ ן : (אַפּאַרט, מידליך) אַך, דערעסען!... (לויט) אַדיע, אַליין!

אַ ל י י ן : געהסט שוין?

ש ט אָ ט מ אַ ן : יאָ. פרעהליך דאָ מיט דיר קאָן ניט זיין.

א ל י י ן : מיט מיר זיך צו פרעהען איז א קונסט פאר זיך. — נו, געה. נור געדיינק אז אַט דאָ אויפ'ן שטיין זיצט אליין און וואָס דו ועסט דאָרט אין דיין שטילסטען שטעטעלע ניט געפינען דאָן קום צו מיר. דאָ, אויפ'ן שטיין, ווי איך אליין זיץ, דאָ איז דאָס שטילסטע שטעטעל. און וועסטו זוכען נאָך איינעם צו זיך, אזעלכען ווי אפילו דו זעלבסט ביזט, דאַן וועסטו מער ווי טראַגעדי ניט געפינען. דערויף זענען מענשען געשאַפען. צו זיי זעלבסט, צו ווער איז פאר דיזער שולד פעראנט־וואָרטליך דערויף וועט ענטפערען די צייט. איין זאך בין איך זיכער: אלע מענשען זענען גלייך. אין דעם שטילסטען שלאָגט אַן אָדער פון א חיה. ביי איינעם ווערט די חיה אויפגערעגט דורך געלט, ביי א צווייטען דורך כבוד, ביי א דריטען דורך אייפערזוכט — אלץ דאָס זעלבע.

ש ט אָ ט מ א ן : נו יאָ, איך ווייס, איך ווייס. קיין מלאָכים זענען ניטאָ און איך זוך זיי ניט. און מענשען — וועלכע מע זוכט, אזעלכע געפינט מען. — אדיע! (האסטיג אָפּ)

א ל י י ן (צולאכט זיך סאַרקאַסטיש. נעמט אָן צולעצט צוריק די ערשטע פּאָזע.)

פ אָ ר ה א נ ג.

## פערזאָנען:

שטאָטמאַן: (אַ פּרעמדער אין מאונט־יוניאָן)
לעווין: (אַ תושב פון דעם שטעטעל)
זעלדע: (זיין פרוי)
סיליע: (זייער מיידעל)
טשאַלי: (ליבט זיך אין סיליען)
גאָלדע: (זיין מוטער)
ברײַנע: (סיליעס חבר'טע)
בעני: (איר חתן)

האַנדלונג:

מאאונט־יוניאָן, פּענסילווייניע.

צייט:

כמעט יעדען טאָג.

(זומער, אין אַ הייסען נאָכמיטאָג.

רעכטס, אין נאָהענטער שכינות, איז צו זעהן פאַבריקען, פון צייט־צו־צייט דערטראָגען זיך פון יענעם ווינקעל אָפּגעריסענע פייפער־רייען און אַ הודזשען פון מאַשינען און לאָקאָמאָטיווען, פון די קוי־מענס שלאָגט אַ שוואַרץ געדיכטער רויך, ציט זיך אַוועק אין דער ווייטקייט און פאַרפלעקט מיט רויך דעם גאַנצען שטח אַרום זיך... לינקס שפּרייטען זיך קלענערע און גרעסערע וואַלדיגע בערג, שטעהען ווי פאַר׳כישופ׳ט אין מטושטש׳ן נעפּעל־שטויביגען רוים און אויף אַ שטיק אָפּענער לאַנקע, אויף איינעם פון די בערג אין דער פראָנט פאַשען זיך און מעלה־גרה׳ן פאַרשידענע פי — שטעהענדיג און ליגענדיג. אַרום און אַרום, צווישען די ביימער שטעהען צעוואָרפען כלערליי שטיבעלעך, יעדער שטיבעלע פון פאַרשידענעם געבוי און קאָליר. און אין טהאָל, אין דער מיט צווישען די פאַבריקען, בערג און פאַרשידענע שטיבעלעך שטעהט אַ הילצערן שטיבעלע, איז אויך פונקט אַזוי איינגעהילט אין ביימער און אין שטילקייט ווי די אַרו־מיגע. די פאָרהאַנגען פון די פענסטער אַרונטערגעצויגען. פון היג־טערגרונט הערען זיך אויסגעשרייען פון עופות, אָפּגעריסענע טרעלען פון פייגעלעך און צומאָל הערט זיך אַ בילען פון אַ הונט אויס לאַנגווייליגקייט... פאַר דער טיר פון שטיבעל אַ וועראַנדע מיט אַ משופּע דעכעל אַרונטערגעלאָזט. פאַר דער וועראַנדע אַ פּאָר טרעפּלעך. אויף דער וועראַנדע — אַ טישעל, אַ שאָקעל־שטול און אַרום די זייטען בלומען־טעפּ; אויף דער טיר איז אָנגעשלאָגען אַ בריוו־קעסטעל און אויף איין זייל פון וועראַנדע איז צוגענעגעלט אַ שילד מיט אַן אויפשריפט: איזראַעל לעווין).

לעווין: (אַ איד העכער פון מיטעלען וואוקס, דאָס בערדעל געשוירען, דער קאָפּ פּליכעוואַטע, די הויזען אויף פּאָדטיאַזשקעס, זיצט אין העמד, וויגט זיך אין שאָקעל־שטול מיט אַ צייטונג אין האַנט, וויגט זיך אַזוי לאַנג ביז ער דרימעלט איין.)

זעלדע: (אַ ציכטיגע, מיטעליעריגע פרוי, קומט ארויס אַ ווילע שפּעטער פון הויז, נעמט די צייטונג פון לעווינען, זעצט זיך אויף א צווייטען שאָקעל־שטול, לעזט. — א פּאוזע.) לעווין! (קיין

ענטפער. לייענט אַ ווײַלע מיט מער אינטערעס, אפּאַרט) אַבי איך האָב געמיינט סע'ז ניט אמת. וואָס פאַר אַ שווידער! — לעווין!

ל ע װ י ן : (פון שלאָף) אַ?

ז ע ל ד ע : סע'ז דאָך טאַקע אמת! האָסט געלייענט?

ל ע װ י ן : (דורך אַ גראָב קול, פאַרשלאָפן) געלייענט, געלייענט.

ז ע ל ד ע : ווי געפעלט דיר אַזאַ געשיכטע?

ל ע װ י ן : וואָס פאַר אַ געשיכטע?

ז ע ל ד ע : האָסט דאָך געלייענט —

ל ע װ י ן : נו, ווייס'ך נו, אַ משוגע'נער.

ז ע ל ד ע : הער נור, לויפן מיט אַ האַק און הרג'נען די אייגענע פרוי, די מוטער פון אַכט קינדער!

ל ע װ י ן : מסתמא ניט אומזיסט.

ז ע ל ד ע : וואָס?!

ל ע װ י ן : אַ, באַדער מיך ניט. (גענעצט) ט'זיין אַ רעגן. ווילט זיך שלאָפן.

ז ע ל ד ע : ווען דו שפּילסט ווייניגער אין פּאָוקער וואָלסטו אַ קלענערער רעגן-נביא געווען —

ל ע װ י ן : אַ, וואָס ווייסטו... אַ־אַ־אַ (שלאָפט איין צוריק.)

ז ע ל ד ע : (מעסט אים אָפּ מיט אַ קריטישען בליק, לעזט נייגעריגער. — עס קלינגט ערגעץ אַ קירכען-גלאָק. פּאַוזע.)

ש ט אַ ט מ אַ ן : (קומט אָן לאַנגזאַם. טראָגט אַ סעטשיל אין איין האַנט און אַ פידעל אין דער צווייטער. שטעלט זיך אַלע ווײַלע אָפּ, הערט זיך איין. דאָס קלינגען ווידערהאַלט זיך.) עך, דער גלאָק! דער גלאָק! (דעקלאַמירט בעגייסטערט, פאַר זיך.) „וויעטשערני זוואָן, וויעטשערני זוואָן, סקאָלקאָ דום נאַוואָדיט אָן!" — וואָס פאַר אַ שעהן, שטיל שטעטעלע! דאָס שטילסטע שטעטעלע! אָט אָדאָ דאַרף מען זיך אָפּשטעלען. די פראַגע איז, וואו?... (קומט צו נעהנטער, פארקוקט, לעזט דעם שילד: „איזראַעל לעווין") אַ איד!... ענדליך געפונען אַ אידען. נו, דאָ דאַרף מען פרעגען פאַר סטאַנציע. (טרעט צו, שטעלט זיך אָפּ, וואַרט ווי ביז מע זאָל זיך אומקוקען און אים מערקען.

טרעט ארויף אויף איין טרעפ. אויף אַ צווייטער. — פון הויז, פון אונטער דער טיר דערהערט זיך אַ ביל פון אַ הונט).

ז ע ל ד ע : (הויבט אויף די אויגען פון צייטונג, שטעהט גלייך אויף, קוקט האַלב ערשראָקען.)

ש ט אָ ט מ אַ ן : (העפליך פארנייגענדיג) שרעקט אייך ניט. איך בין אַ איד. איך בין אַ פרעמדער דאַ אין שטעטעל האָב איך מיר דאַ אָפּגעשטעלט אפשר וועל איך קאָנען ביי אייך אַ צימער קריגען.

ז ע ל ד ע : אָ... נו, קומט אריין, קומט אריין. אז איר זענט אַ איד איז דאָך שוין אוודאי ניט שייך. צו מיר האָבען אַ צימער צו ניט, אין דרויסען וועט איר שוין מסתמא ניט זיין. — לעווין!

ל ע ו ו י ן : (פאַרשלאָפען) שוין געלייענט, געלייענט.

ז ע ל ד ע : וואָס געלייענט, שטעה אויף.

ש ט אָ ט מ אַ ן : אז סע שטיל און רוהיג שלאָפט זיך.

ל ע ו ו י ן : (עפענט אויף די אויגען, פערוואונדערט) א?... (שטעהט אויף צוטראָגען).

ז ע ל ד ע : דער דזשענטעלמאַן בעט אַ צימער. ער קומט ערשט פון ערגעץ. ער איז דאַ אַ פרעמדער —

ל ע ו ו י ן : אַ צימער?... וואָס הייסט?... עפּעס ביי מיר אַ האָטעל, וואָס?

ז ע ל ד ע : נו, מע וועט זיך שוין אַן עצה גיבען ווי סע ניט איז. וואָס טוט מען ניט פאַר קיין אידען —

ל ע ו ו י ן : אַ איד?... שלום־עליכם. פון וואַנען איז אַ לאַנדסמאַן?

ש ט אָ ט מ אַ ן : פון ניו יאָרק.

ל ע ו ו י ן : אַזוי... מסתמא פאַר „ביזמעס". וואָס פאַר „ביזמעס", א?

ש ט אָ ט מ אַ ן : ניין, ניט פאַר קיין ביזנעס.

ל ע ו ו י ן : וואָס הייסט?

ש ט אָ ט מ אַ ן : איך וועל אייך זאָגען, נור לאַכט ניט.

ל ע ו ו י ן : אָ, איך פאַרשטעה... איר האָט דאָך אַ פידעל

מיט זיך. עפּעס אַ חתונה צו שפּילען?... ווער האָט דאָס דאָ חתונה? —

שטאָטמאַן: ניין, ניין, ניט דאָס, כאַ, כאַ, כאַ —

לעווין: קיין חתונה אויך ניט, וואָס דען?

שטאָטמאַן: אָט, זיך מיר פּשוט פאַרביינקט נאָכן קליינשטעטעלדיגען שטילקייט —

לעווין: וואָס?... (מעסט אים אָפּ מיט מאָדנע בליקען) וואָס הייסט עפּעס פאַרביינקט, וואָס?

שטאָטמאַן: גאַנץ איינפאַך. אָט נאָך אָט דער אַטמאָספערע, נאָך אָט די בוימער, נאָך אָט אַזאַ ערד וועלכע איז נאָך מיט גרין גראָז באוואַקסען, נאָך אָט יענע בהמות וועלכע ליגען זיך דאָרט ווי די פּריצים בהרחבה'דיג און פּאַשען זיך. און אַפילו נאָך אָט דעם קלינגען פון קלויסטער, איר הערט —

לעווין: וואָס, נאָך דעם גלאָק פון קלויסטער אויך?! (צו זעלדען וועלכע איז פאַרגראָבען אין צייטונג) אויב ער וויל זיך נאָך ניט שמד'ן אָט דער כלי־זמר'ניק —

זעלדע: (מיט אַמאָל פון צייטונג) ווער, וואָס?

לעווין: האָסט ניט געהערט?

זעלדע: וואָס?

לעווין: (צו שטאָטמאַנען) איך פאַרשטעה ניט, האָט אייך שוין ניט געסטייעט אין ניו יאָרק קיין קלויסטערס?... וואָס עפּעס דווקא אַהער? און אַז שוין אַהער, טאָ וואָס עפּעס צו מיר ... געהט אייך צום קלויסטער, צום גלח, צו אַלדע שווארצע יאָר אַפילו!...

שטאָטמאַן: מענש, איך —

לעווין: האָסטו געזעהן! —

זעלדע: (צו לעווינען) וואָס שרייסטו? גיב דעם מענשען אַ געלעגענהייט זיך ערקלערען.

שטאָטמאַן: וואָס האָט איר אייך אָנגעכאַפּט?... ווער רעדט דאָס פון שמד'ן זיך? היינטיגע יאָרען דאַרף מען ניט קיין קלויסטערס אויף צו שמד'ן זיך. היינט שמד'ט מען זיך אין די שעפּער און דער דאָלער איז דער גלח —

לעווין: אַ?... נו יאָ, דאָס איז אמת. הייסט דאָס

זענט איר זיך ניט געקומען שמד'ן?... טאַ זיצט נו. און וואָס איז שייך, מיר וועלען אייך שוין ערגיץ פּאַמיעשטשען —

ז ע ל ד ע (אפּארט) נו, איין אַפּגעריסענער נאַר! יאָ, א נאַר איז אייביגער צער. (צו שטאַטמאַנען, אין אַ ליידענדען און בעטענדען טאָן) האָט ניט קיין פּאַראיבעל אויף אים... איר ווייסט... אַז מע קומט ארוים פון רבנים איז דער קלויסטער ווי א שפּילקע אין אויג אריין —

ל ע וו י ן: אַזוי, קומט איר הייסט דאָס פון ניו יאָרק! אין די בראָנקס האָב איך אַ ברודער, אַ רב.

ש ט אָ ט מ אַ ן: יאָ, איך קאָן דאָרט איינעם —

ל ע וו י ן: לעווין?

ש ט אָ ט מ אַ ן: יאָ, לעווין.

ל ע וו י ן: אַזוי! איר קאָנט אים? — הער נור זעלדע, הער, ער קאָן אים!

ש ט אָ ט מ אַ ן: ער האָט אַ פולע שטיב מיט מיידליך.

ל ע וו י ן: ק'עין־הרע, ק'עין־הרע; יאָ, יאָ. אַזוי!... זענט איר געוועזן דאָרט?

ש ט אָ ט מ אַ ן: ניט איין מאָל.

ל ע וו י ן: אַזוי... הער נור זעלדע... מאַך טהעע, זעלדע, מאַך טהעע... וואָס פאַר אַ טייערער גרוס! אַזוי, קאָנט איר הייסט דאָס מיין ברודער... דערלאַנג אביסעל „פּאַפּ“ דערווייל‍ע, זעלדע! — אַך, וואָס פאַר אַ טייערער גאַסט.

ז ע ל ד ע (צו שטאַטמאַנען) ענטשולדיגט, איר גיט לעסאָנס אויף פידעל?

ש ט אָ ט מ אַ ן: יעס. אייער ברודערס קינדער האָבען ביי מיר ניט איין לעסאָן גענומען.

ל ע וו י ן: אַזוי!... גענומען לעסאָנס? דעם ברודערס קינדער?

ז ע ל ד ע: איצט וועט פאַר אונזער סיליען זיין ווי גע־וואונשען. (אָב אין הויז)

ל ע וו י ן: אַזוי, אַזוי... אָבער איך פאַרשטעה נאָך אַלץ ניט, וואָס הייסט עפּעס אַ איד פאָהרט אַוועק פון ניו יאָרק. פון ניו־יאָרק! פון אַזאַ כרך!... און, און... פאַרקלויבט זיך

אזש גאָר אהערצו, דער גוטער יאָר ווייסט וואו, און גלאט אזוי — „קוקען אויף די בהמות“. פאַר „ביזמעס“ פארשטעה איך. אַט שטעק איך דאָך אויך דאָ; נור איך האָב שוין אָבער קיין אנדער ברירה ניט. אהערצו אזוי גרינעהייד אריינגע־פאַלען, געוואָרען אַן „אַקסטער“ —

ש ט אַ ט מ אַ ן : אַ וואָס?

ל ע װ י ן : נו, אַ גרינפעדלער. אָבער אַ שווער שטי־קעל ברויט געווען. האָב איך מיר מיט דער צייט געמאַכט אַ פאָר טאָלער און געקויפט אַ הייזקע. האָט זיך מיר גראָדע נאָכדעם אונטערגערוקט אַ קאָסטימער, געגעבען אַ פאָר טאָלער פון אויבען, פראָפיט הייסט דאָס, האָב איך דאָס אים פארקויפט און געקויפט אַן אנדער שטיבעל. האָט זיך מיר ווידער געמאַכט אַ קונה, ווידער פארקויפט און ווידער פארדינט אַ פאָר טאָלער. האָב איך געזעהן אַז סע'ז אַ „ביזמעס“ האָב איך פארוואָרפען שער־און־אייזען, דעם שפּאַן הייסט דאָס, אוועקגעלייגט דערויף מיין קאָפּ און שוין אזוי ארומעט דאָ אריינגעצויגען געוואָרען אין די ריעל־עסטייט ביזמעס און מוז שוין דאָ שטעקען. — אָבער איר!... אַ'רייט, שטילקייט, זיך אָפּרוהען, מהיכא־תיתי. נו, איז אַ קאָונטרי.

ש ט אַ ט מ אַ ן : (ווי אַלס איין אויסרייד) נו, כ'ווייס, קאָן זיין סע וועט זיך דאָ מאַכען עפּעס אַ ביזנעס זאָל איך טאַקע אפשר בלייבען —

ל ע װ י ן : אָ! אזוי איז עפּעס אנדערש. אזוי פאַר־שטעה איך. נור צו וואָס פאַר אַ ביזמעס אשטייגער קאָנט איר זיך דאָ נעמען? איר זענט דאָך אַ כלי־זמר, ניין?

ש ט אַ ט מ אַ ן : (שמייכלענד) עס מאַכט ניט.

ל ע װ י ן : איר האָט עפּעס געלט?

ש ט אַ ט מ אַ ן : (זיך דרעהענד) ווי דער שטייגער.

ל ע װ י ן : אַ סך?

ש ט אַ ט מ אַ ן : נו, וואָס ביי איינעם קאָן הייסען אַ סך קאָן ביים צווייטען הייסען אביסעל, איר ווייסט דאָך.

ל ע װ י ן : האָט איר עפּעס אַ גרויסע פאַמיליע?

ז ע ל ד ע : (פון הויז) לעווין!

ש ט אָ ט מ אַ ן : (צו לעווינען) דערויף איז מען דאָך אַ איד.

ז ע ל ד ע : (ווידער פון דאָרט) לעווין!

ל ע ו ו י ן : באַלד! — (צו שטאָטמאַנען) איך האָב גע־מיינט אפשר נאָך אַ סינגעל, האָב איך אַ שידוך, נור —

ז ע ל ד ע : (קומט צוריק ארוים) געה נור אריין צו די חברה; קערען איבער דאָס הויז.

ל ע ו ו י ן : אַזוי, אַזוי... אָט אַ טייערער גרוס! קיין צוואַנציג יאָר שוין זיך ניט געזעהן. (אָב אין הויז)

ז ע ל ד ע (כמעט ווי איינצייטיג, צו שטאָטמאַנען) נו, קומט אריין. איר מוזט זיין הונגעריג, קומט.

ש ט אָ ט מ אַ ן : ניין, אַ דאַנק. הונגעריג בין איך ניט. אָט בלויז אַביסעלע מידליך פון וועג. — ווי דאָ איז אַזוי איינ־גענעהם צו זיצען. אָט אַזוי איז גוט. עך, די בערג, די בערג! איך מוז נאָך זיין דאָרט.

ז ע ל ד ע : איר ועט נאָך זיין. זיי וועלען אייך נאָך נמאס ווערען.

ש ט אָ ט מ אַ ן : נמאס ווערען! די בערג? קיינמאָל ניט. איך וואָלט שוין אַהין געגאַנגען! — נור יאָ, ווי קומט דאָס וואָס אין ערגעץ איז ניט אויפגעשלאָגען קיינע סטריט־סיינס?

ז ע ל ד ע : און אין וועלכען קליין שטעטעל איז דען אַנדערש? אונזער שטעטעל איז נישט קיין אויסנאָם מיט קיין זאַך. פונקט ווי אַלע קליינע שטעטעלעך.

ש ט אָ ט מ אַ ן : מע קאָן דאָך דאָ פאַרבלאָנדזעט ווע־רען. ווי אַזוי ווייסט איר, ווי אַזוי טרעפט איר?

ז ע ל ד ע : אָ, דאָ וואָלט איך שוין געטראָפען בלינדער־הייד. אָט דאָרט וואו די ראָבע קוה פּאַשעט זיך איז פּוי'סט סטריט. דאָרט וואו דער האָן קרייעט איז נייט סטריט. וואו סע ליגט דאָרט דער חזיר אין בלאָטע און ראָיעט זיך איז פּלע־זשער סטריט און וואו סע באָדען זיך שיקסלעך איז פּערעדייז ראָוד.

ש ט אָ ט מ אַ ן : (דורך געלעכטער) און וואו שקאָצים באָדען זיך?

ז ע ל ד ע : שפּאָס אויף אַ זייט. אַזוי הייסען זיי טאָקע. — נור נום איך שוין כאָטש אייך געהן דערלאַנגען אַביסעל „פּאַפּ“. איך וואָלט אייך מיט עפּעס בעסערעס אוגאָשטשאָיעט איז ווי אויף צו להכעיס ביי מיר אַצינד אין הויז גאָרנִיט ניטאָ. (אָב)

ש ט אָ ט מ אַ ן : (אַליין) הייסט דאָס, אַז אַט אַ דאָרטען וואו שיקסלעך באָדען זיך איז פּערעדייז ראַאוד; מע דאַרף דאָס געדיינקען, כאַ, כאַ. — נור צום טייפעל, וואָס פּאַר אַ ליגען איך האָב דאָס דאָ אָפּגעבאַקען, וואָס פּאַר אַ בלבול אויף זיך אַליין אויסגעטראַכט! איצט וועט שוין דאָס גאַנצע שטעטעל וויסען אַז איך בין פּאַרהייראַט, האָב אַ ווייב מיט קינדער. ניין, דאָס טויג ניט. ווי אַ זאַך מאַכט זיך, אל תפתח פּה לשטן.. מע דאַרף זיך דערהפון צוריק אַרויסדרעהען —

ז ע ל ד ע : (קומט צוריק ארויס) נעמט, טרינקט, איר'ט אייך מחיה זיין. אייגענער געמאַכטער.

ש ט אָ ט מ אַ ן : אַליין געמאַכט? אויב אַזוי מוז טאָקע זיין גוט. (טרינקט)

ז ע ל ד ע : גענוג קאַלט?

ש ט אָ ט מ אַ ן : זעהר אַ געשמאַקער טרונק. (טרינקט)

ז ע ל ד ע : אַך, וואָס פּאַר אַ מאָדנע וועלט; ווער סע רייסט זיך פון קליינעם שטעטעל אין דער גרויסער און מיט אייך איז דאָס גאָר פּאַרקערט.

ש ט אָ ט מ אַ ן : אַזוי איז שוין דעם מענשענס נאַטור: זוכט שטענדיג עפּעס נייעס.

ז ע ל ד ע : לאַנג דענקט איר דאָ צו שטעהן?

ש ט אָ ט מ אַ ן : איך וואָלט דאָ אפילו אויף אייביג פּאַר־בליבען! אַך, פּונקט וואו איך האָב געוואָלט; דאָס רוהיגקייט אַליין!

ז ע ל ד ע : רוהיג?... אַזוי קוקט דאָס אויס —

ש ט אָ ט מ אַ ן : וואָס? כ'פּאַרשטעה ניט.

ז ע ל ד ע : אַ, נו... נו יאָ... אין אַ געוויסען זינען שוין צו רוהיג. אפילו דאָ מיט וועמען דאָ אַ וואָרט צו רעדען, פּאַר־ברייגגען.

ש ט אָ ט מ א ן : אומעטיג?

ז ע ל ד ע : יאָ, מיין פריינד, כאָטש געה אוים. און קיין בוך — ניט פאַר אַ רפואה, שוין מסתמא אַלעם פאַרגעסען.

ש ט אָ ט מ א ן : נו, די וועלט זאָגט אַפילו אַז מען קאָן פאַרגעסט מען ניט.

ז ע ל ד ע : אָ, עס רעדט זיך בלויז אַזוי. איך בין אַמאָל אין רוסיש געווען זעהר געבילדעט; געקאָנט די שפּראַך פאָל־שטענדיג; גימנאַזיע געענדיגט און יעצט, אָט, גרינערהייד אַהער ארייגנגעפאַלען, זיך פאַרבונדען, חתונה געהאַט און איצט, וואָס? — קומט אריין. איר וועט עפּעס עסען, יאָ?

ש ט אָ ט מ א ן : ניין, אַ דאַנק. אויפ'ן וואָרט איך בין ניט הונגעריג. — עפּעס פאַרהאַן דאָ אינטערעסאַנטע יונגוואַרג?

ז ע ל ד ע : אַמעריקאַנער יונגוואַרג. — אָט באַלד וועט מסתמא מיין באַרישניע אָנקומען.

ש ט אָ ט מ א ן : אויך פון די אַמעריקאַנער?

ז ע ל ד ע : יאָ, אַזוי איז זי אַמעריקאַניש, אָבער די נשמה — אַ רוסישע. וויל אַלעם קאָנען. און פידעל איז ביי איר איר אידעאַל נור דער פאָטער לאָזט זי ניט.

ש ט אָ ט מ א ן : האָט שוין אַ בוי?

ז ע ל ד ע : אוכאַזשאָרען. — און איר?... ענטשולדיגט.

ש ט אָ ט מ א ן : וואָס ענטשולדיגען? וואָס מיינט איר?

ז ע ל ד ע : כ'מיין... שוין פאַרהייראַט?

ש ט אָ ט מ א ן : א?... דערווייל נאָך אַפילו אין גע־דאַנק ניט גענומען. — אָבער יאָ, איך האָב מורא איך האָב מיר דאָ אָנגעאַרבייט אַ צרה —

ז ע ל ד ע : אַ צהה?

ש ט אָ ט מ א ן : (דורך געלעכטער) איך האָב דאָ אייער מאַן געזאָגט אַז איך האָב שוין אַפילו דערוואַקסענע קינדער.

ז ע ל ד ע : אָ, כא, כא, כא... נור צו וואָס האָט איר דאָס געדאַרפט?... אויף זיך אַליין אַ בילבול אויסטראַכטען, כא, כא, כא.. און אַ קליין שטעטעל ווייסט ניט פון קיין שפּאַס. נעמט אָן יעדען וואָרט פאַר מזומן.

ש ט אָ ט מ א ן : איך וועל אייך זאָגען דעם אמת: אָט

בלויז דערפאר אום ניט צו פארטשעפען די פראגע פון יא הייראטען און ניט הייראטען. און טאקע והראיה, ער האט שוין געהאט גרייט פאר מיר א שידוך.

ז ע ל ד ע : נו, דאס איז דאך שוין אזוי דער אידישער מנהג. איבערהויפט נאך אינ'ם קליינעם שטעטעל. — אבער טאקע, ווי קומט דאס איר זאלט אייך נאך ניט געפינען קיין פארטיי, נאך ניט זיין פארהייראט? אזעלכער ווי איר קאנט דאכט מיר קריגען די שענסטע... ענטשולדיגט פאר מיין נייגעריגקייט.

ש ט א ט מ א ן : (אפארט, איינצייטיג) די צווייטע טעג יוט'... (לויט) איך נעם מיר שנעלער אונטער צו ענטשולדיגען אייך אייער נייגעריגקייט איידער צו פארענטפערען אייך אייער פראגע.

ז ע ל ד ע : (שפאסהאפט) און אפשר איז דאס אזוי ווייל אונז איז באשערט אייך דא חתונה צו מאכען. מיר האבען דא זעהר שעהנע מיידלעך.

ש ט א ט מ א ן : איך וועל אייך ניט זאגען אז ניין; מעגליך.

ז ע ל ד ע : איר מוזט זיין א גרויסער איבערקלייבער.

ש ט א ט מ א ן : יא, שעהנקייט איז מיין גאט, מיין אידעאל. נור נאטירליך ווען דאס שעהנע איז מיט גוטסקייט און חכמה דורכגעפלאכטען.

ז ע ל ד ע : דאן בין איך מיט אייך. (שטרעקט אים ווארעם די האנט)

ג א ל ד ע : (טרעט אויף פון דער זייט, מערקט דאס.)

ז ע ל ד ע : (ווי פארזעצענד) יא, מיין פריינד, שעהנקייט! שעהנקייט!... שעהנקייט איז ווי א לאוואושקע פארן פיינשמעקער פארשפרייט און פארכאפט דאס ביים פיסעל. דאן —

ג א ל ד ע : (אויפטרעטענד אויף דער ווערענדע) גאט העלף. (מעסט זיי אפ מיט די בליקען)

ז ע ל ד ע : (זיך ציהענד האסטיג צוריק) א גוט יאר.

ג א ל ד ע : מיין טשאלי איז ניטא דא?

ז ע ל ד ע : ער איז אוועק מיט סיליען צו ברייגען.

ג אָ ל ד ע (דורך אַ וואונק, וואָס מיינט:) ווער איז דער?
ז ע ל ד ע : (שטיל) קומט ערשט פון ניו יאָרק.
ג אָ ל ד ע : אַן אייגענער?
ז ע ל ד ע : ניין. געקומען אהער פאַר אַ שטיקעל צייט. ווי געפעהלט אייך בעסער די געשיכטע —
ג אָ ל ד ע : מיט דער האַק?... איך האָב געהערט זי לעבט נאָך.
ז ע ל ד ע : הלוואי בלייבט זי כאָטש לעבען.
ג אָ ל ד ע : נור מסתמא ניט אומזיסט. אַז אַ מאַן שלאָגט מוז זיין פאַר עפּעס. — פון וואַנעט איז אַ לאַנדסמאַן?
ש ט אָ ט מ א ן : פון דער וועלט. (דרעהט זיך אָפּ אין אַ זייט)
ג אָ ל ד ע : (מיט אַ פאַרביסענעם בליק אויףביידען) גוד־ביי. (אָב)
ש ט אָ ט מ א ן : וועל, איך גלויב איך'ל מאַכען אַ שפּאַ־ציר צו די בערג.
ז ע ל ד ע : אַליין?
ש ט אָ ט מ א ן : וועל... אויב איר ווילט אַזוי גוט זיין —
ז ע ל ד ע : איך זאָל געהן מיט אייך? אָ, דאָ קאָן מען זיך אַזעלכע זאַכען ניט ערלויבען. נור וואַרט צו, מיין באַ־רישניע, וועט באַלד קומען. — אָט איז זי!
ס י ל י ע : (קומט אַן באַלעבט, בלייבט שטעהן מיט אַמאָל פערוואונדערט; קוקט אויף שטאָטמאַנען.)
ז ע ל ד ע : (צו סיליען) דאָס איז אַ דזשענטעלמאַן פון ניו־יאָרק. מיסטער . . . איז ניט צום לאַכען, כאַ, כאַ, אַזוי פיל גערעדט און גערעדט און ווייס נאָך אַפילו ניט אייער נאָמען.
ש ט אָ ט מ א ן : שטאָטמאַן.
ס י ל י ע : פרעהט מיך אייך צו קאָנען.
ש ט אָ ט מ א ן : מיר אויך דאָס זעלבע.
ס י ל י ע : איר קומט פון ניו־יאָרק?
ש ט אָ ט מ א ן : יעס.
ס י ל י ע : שוין לאַנג?
ש ט אָ ט מ א ן : ערשט אַ פּאָר שטונדען פון טריין.

ז ע ל ד ע : זיי קאָנען דעם אָנקעל יאָסעל, די קינדער.
ס י ל י ע : יאָ?!
ש ט אָ ט מ אַ ן : אַ פראַגע; זעהר גוט. וויפיל מאָל האָבען מיר אין באָל געשפּילט, צוזאַמען אין טעאַטערע געגאַנגען.
ס י ל י ע : אַך, איר האָט האָרט אַזוי פיל פלעצער וואו צו פאַרברייננגען און זענט גאָר געקומען אַהער. אין קוני־איילענד אליין צו זיין! קוני־איילענד! דער וואונדער פון דער וועלט!
ש ט אָ ט מ אַ ן : יאָ, קוני־איילענד קאָן זיך טאַקע זיין דער סימבאָל פון גערויש און טומעל אָבער קיין שעהנקייט איז האָרט ניטאָ. איך גיב אַוועק אַלע ניו־יאָרקער וואונדער פאַר איין ווינקעלע פון אייער קליינעם, שטילען שטעטעלע.
ז ע ל ד ע : אַזאַ גוטער זענט איר —
ס י ל י ע : נו, זאָגען קאָסט דאָך קיין געלט ניט. (מערקט דעם פידעל)
ש ט אָ ט מ אַ ן : (אפּארט) אַך, ווי עס ציהט מיך צו די בערג, צו די שפּיצען!
ס י ע ל ע : (ענטציקט) וואָס פאַר אַ פידעל, מאַ?!
ז ע ל דע : מיסטער שטאָטמאַנס.
ס י ל י ע : איר שפּילט פידעל?
ש ט אָ ט מ אַ ן : יעס. דאָס איז מיין בעסטער פריינד.
ס י ל י ע : און אייער סוויטהאַרט איז ניט דזשעלעס?
ש ט אָ ט מ אַ ן : דערווייל איז מיין סוויטהאַרט דער פידעל.
ס י ל י ע : דאַן ווייסט איר דאָך נאָך ניט דעם טעם פון דזשעלעסי.
ש ט אָ ט מ אַ ן : און עס לוינט זיך ניט צו וויסען.
ס י ל י ע : דאַן מוזט איר שוין רעדען פון עקספּיריענס. און דאָך זאָגען אַנדערע אַז קיין זיסערעס פון דזשעלעסי איז ניטאָ.
ש ט אָ ט מ אַ ן : יאָ, ווען יענער איז מיך מקנא.
ז ע ל ד ע : נו, דעם טעם פון דזשעלעסי צו וויסען איז נאָך ניט פאַר איר עלטער.
ש ט אָ ט מ אַ ן : ווארום, אייפערזוכט איז פונקט ווי ליבע: ווייסט ניט פון קיין עלטער. יאָ, עס איז גוט ווען יענער

איז אויף מיר אייפערזיכטיג אָבער דאָס טויג אויך ניט. דער פאַקט איז דעזדעמאָנע.

ז ע ל ד ע : איר מיינט דאָך שעקספּיר'ס אָטהעללאָ, יאָ?

ש ט אָ ט מ אַ ן : אייך בעקאַנט?

ז ע ל ד ע : אָ, יעס... אָבער שעקספּיר האָט דאָך זיין אָטהעללאָ פּונקט ווי אַלע זיינע ווערק איבערטריבען.

ס י ל י ע : ווארום, מאמא, ער האָט שוין גאָר ניט איבער־טריבען. און ווייט דאַרפען מיר ניט געהן. ווארום האָט יענער צוהאַקט זיין פרוי, ניט אַלס אייפערזוכט?

ז ע ל ד ע : נו יאָ, אָבער דאָס איז דאָך מער ניט ווי אַ זעלטענע ערשיינונג און שעקספּיר האָט זיין אָטהעללאָ ארויס־געשטעלט אַלס אַ טאָג־טעגליכע, געוועהנליכע זאַך.

ס י ל י ע : וואָס זשע, מאמא, ווילסטו קריטיקירען —

ז ע ל דע : מיין מיינונג קאָן איך דאָך מיר האָבען. און אַלס אַ פאַקט לעז דורך טאָלסטאָי'ס קריטיק איבער שעקספּירען. — וואָס זאָגט איר, מיסטער שטאָטמאַן? ,

ש ט אָ ט מ אַ ן : רעדט, רעדט; איך ליב זעהר צו הערען פרויען דיסקוסירען וועגען קונסט, ליטעראטור. אָבער יאָ, דאָס אייגענע וועלען מיר רעדען אויפ'ן וועג. קומט, לאָמיר געהן צו די בערג. קומט, יאָ?

ז ע ל ד ע : געה זיך דורך מיט זיי אביסעל, סיליע, ווילסט?

ס י ל י ע : יעס. איך'ל געהן מיט אייך.

ש ט אָ ט מ אַ ן : קומט אויך מיט, מאדאַם לעווין. איר האָט דאָך אויפגעמישט אַ טעמע. קומט, מיר וועלען נאָך רעדען דערפון.

ס י ל י ע : און אפשר וואָלטען מיר דאָס אָפּגעלייגט אויף אַ צווייטען מאָל? איך וואָלט אייך בעסער זעהר וועלען הערען שפּילען פידעל.

ש ט אָ ט מ אַ ן : נאָך די בערג וועט זיך געשמאַקער שפּילען.

ס י ל י ע : איר זענט אַ טיטשער?

ש ט אָ ט מ אַ ן : יעס.

ס י ל י ע : איר גיט לעסאָנס!... מאמא, הער!... איר וועט מיך לערנען?

ש ט אָ ט מ א ן : איר וועט מיר פאַרגעניגען שאַפען ווען איר וועט מיר דאָס ערלויבען.

ס י ל י ע : אַ, פלעטערט מיך נור ניט אזוי.

ש ט אָ ט מ א ן : איך מיין דאָס. — אַלזאָ, צו די בערג! צו די שפּיצען!... (אַלע אָב)

ל ע ו ו י ן : (פון הויז) זעלדע!

ג אָ ל ד ע : (קומט אָן. קוקט אויף צוריק מיט נייגעריגקייט)

ל ע ו ו י ן : (פון דאָרט, ווידער) זעלדע!

ג אָ ל ד ע : (לאָזט זיך אויף די טרעפּ) לעווין!

ל ע ו ו י ן : (ווי פריער) זעלדע, וואו ביזטו דאָרט?! (קומט ארויס)

ג אָ ל ד ע : העללאָ. וואָסע, וואָס שרייט איר?

ל ע ו ו י ן : העללאָ, העללאָ. און וואָס שמייכעלט אייך אזוי?

ג אָ ל ד ע : גאָרניט. אזוי זיך.

ל ע ו ו י ן : גאָרניט איז גאָרניט. — איר האָט אפשר געזעהן מיינע?

ג אָ ל דע : איר קאָנט נאָך אויך כאַפּען אַ קוק אויף איר. נור גיך, קומט ׳הער. (ביידע אָפּ פון ווערענדע. גאָלדע צייגט אים אָן אין דער ווייטקייט) איר זעט?

ל ע ו ו י ן : נו יאָ. אָבער וואָס זשע לאַכט איר?

ג אָ ל ד ע : טאַקע ניטאָ חלעבען פון וואָס צו לאַכען. געקומען עפּעס אַ פרעמדער רוח, פאַרנעמען די מאַמע מיט דער טאָכטער „גע׳הרג׳עט" און אַוועק צו די בערג, ניט מיר ניט דיר...

ל ע ו ו י ן : אַ, וויים׳ך וואָס, אידענע וואָס איר זענט. יענער האָט דאָך שוין אַ ווייב מיט קינדער, זאָל איך פאַר אים מורא האָבען —

ג אָ ל ד ע : איז טאַקע ווייל אזוי; וואָס פאַר אַ שמעלקע איז ער מיט אייך?... פע, דאָס פאַסט זיך פאַר אַ סאָלדאַט מיט שיקסעס, ניט פאַר קיין לייטישע מענשען. נאַ דיר גאָר

די בערג אין מיצקעדערינען. נור סע ניט מיין עסק. איך האָב אייך געזאָגט —

ל ע ו ו י ן : אָ, געהט אוועק!... דזשעלעס וואָס ער נעמט אייך ניט, וואָס?

ג אָ ל ד ע : וואָס?!... פו!... (אָב)

ל ע ו ו י ן : (נאָך אַ ווײַלע נאָכקוקען) און אפשר... נו יאָ, איך דאַרף זי אויף כפרות, נור גערעכט איז זי. אוועקצוגעהן פּלוצים מיט אַ פרעמדען שלאַק און נאָך צייגען דער טאָכטער אויך אַ וועג... מע דאַרף אים פּטור ווערען צו אַלדע רוחות! וואָרעם ווער ווייסט ווי ווייט דאָס קאָן נאָך אַזוי אַוועק. עפּעס מוז געטון ווערען! (קוקט זיך איין אָשטרענגענד אין יענער ריכטונג.)

ט ש אַ ל י : (קומט אָן פון דער צווייטער זייט) העללאָ. וואו איז דער איבעריגער עולם?

ל ע ו ו י ן : (מיט אַמאָל און זיך ווי צושטרייענד) אָט, אוועק פאר אַ שפּאַציר, צו די בערג. (לאָזט זיך געהן צו דער ווערענדע)

ט ש אַ ל י : מיט וועמען?... (לויפט צוריק, כאַפּט אַ קוק און קערט זיך אום) אפשר מיט דעם ניו־יאָרקער?

ל ע ו ו י ן : יאָ. — הער, טו אַ שפּרונג און זאָג זיי זיי זאָלען זיך שוין אומקערען; איך בעט דיך.

ט ש אַ ל י : יאָ, ווי איך זעה שמעקט דאָ עפּעס ניט גלאַט, מיסטער לעווין. איר זאָלט מיך פאָלגען וואָלט איר אים באַדאַרפט גיבען דעם וועג און וואָס שנעלער וועט זיין געזינטער. דער ערשטער רוגז איז שטענדיג בעסער ווי דער צווייטער. דאָס מוז זיין אַ חברה־מאַן. ער געפעלט מיר ניט.

ל ע ו ו י ן : וועל, כ'ווייס ניט, אַזוי אויף דער מצבה קוקט ער אפילו אויס צו זיין אַ גאַנץ פיינער יונגערמאַן; פלעג אריינקומען צו מיין ברודער —

ט ש אַ ל י : ווי גוט און פיין ער זאָל ניט זיין דאָך איז ער אַ פרעמדער און נאָך אַ ניו־יאָרקער דערצו. וואָס קאָנט איר ווייסען? איר קאָנט דאָך אים ניט פאַרגלייכען ווי... למשל... צו מיר... מיך קאָנט איר דאָך נאָך אַלס קינד, ניין?

ל ע ו ו י ן : איך זאָג דען עפּעס וועגען דיר?

ט ש א ל י : וועל... איר ווייסט דאָך וואָס איך מיין... איך מיין, יו סי... איך מיט סיליען... מיר.. מיר האָבען... מיר זענען דאָך אויסגעוואקסען אינאיינעם —

ל ע ו ו י ן : נו, שור, שור. ווער זאָגט דען אז ניין? וואָס פעלט דיר עפּעס איין —

ט ש א ל י : כ׳ווייס, אפשר... דער ניו יאָרקער... ווער ווייסט —

ל ע ו ו י ן : געה, נאַר. יענער איז דאָך א פאַרהייראַטער.

ט ש א ל י : אזוי!... וואָס זשע קריכט ער ווי א חזיר אהין וואוהין מע דאַרף ניט! פרעמדע יאַנגאָדעס רייסען!... איך געה שוין און אים גיבען א פּאַרציע אז ער וועט האָבען צו געדיינקען! (לאָזט זיך האַסטיג אויף רעכטס)

ס י ל י ע : (קומט אָן, טרעפט זיך מיט טשאַלין)

ט ש א ל י : וואו ביזטו געווען?

ס י ל י ע : (ענטפערט גאָרניט, לאָזט זיך אויף דער ווערענדע ברוגז. זעצט זיך, שווייגט)

ל ע ו ו י ן : וואו איז די מאַמע?

ס י ל י ע : (שווייגט)

ל ע ו ו י ן : איך פרעג דאָך דיך.

ס י ל י ע : דאָרט.

ל ע ו ו י ן : וואו דאָרט?

ס י ל י ע : אָ, לאָז מיך אליין.

ל ע ו ו י ן : וואָס טוט זיך דאָ!... וואָס פאַר ביזמעס געהען דאָס דאָ אָן!... איך פרעג דיך, ווען מיר אמאָל ענטפערען ווי א מענש: וואָס ביזטו אליין געקומען? וואו איז די מאַמע?!

ס י ל י ע : איך האָב דאָך דיר געזאָגט.

ל ע ו ו י ן : וואָס געזאָגט?

ס י ל י ע : דאָרט!

ל ע ו ו י ן : וואָס פאַר א דאָרט?!

ס י ל י ע : אין די בערג, שוין!

לעווין: אַ?!... אַזוי!... האָט גאָר קיין חרפּה ניט!... (האַסטיג אָב)

טשאַלי: (באַטראַכט דאָס פּידעל. נאָך אַ פּאַוזע) וועמענס איז ס'פּידעל?

סיליע: עמיצענס.

טשאַלי: דעם ניו־יאָרקערס?

סיליע: יעס.

טשאַלי: (עפענט דאָס קעסטעל, קלאַפּט אַ ווײַלע אויף די סטרונעס.) סטרונעס, סטרונעס!... ער מוז קאָנען, ווײַזט אויס, גוט שפּילען אויף זיי. (קוקט בעדייטענד אויף סיליען)

סיליע: לאָז דאָס פּידעל אַליין, ווילסטו? (געהט צו, נעמט דאָס צו פון אים).

טשאַלי: (אַ ווײַלע שפּעטער) וואָסע, סיליע, וואָס ביזטו עפּעס אַזוי... עפּעס אַזוי?

סיליע: (שווײַגט)

טשאַלי: (טרעט צו נעהנטער, לייגט אַרויף אויף איר די האַנט. ביטערליך) פאַרליבט, הא?

סיליע: לאָז מיך אַליין. איך בעט דיך. (נעמט אַרונטער פון זיך זיין האַנט).

טשאַלי: סיליע!

סיליע: (אָב שטורמיש אין הויז)

טשאַלי: (מאַרשירט אַ ווײַלע געדריקט, שטעלט זיך אָפּ, נעמט דאָס פידעל, מאַכט אַ פאַרזוך ווי אויף צו צוברעכען נור לייגט דאָס מיט אַמאָל צוריק אַוועק. האַסטיג אָב)

שטאָטמאַן: (אַ ווײַלע שפּעטער, פון ווייט) אַך, ווי מאָדנע! דאָ שמעקט אַזוי מיט פרישקייט, מיט גרינקייט און דאָרט שפּרייט זיך אַזאַ שוואַרצער, געדעכטער רויך. און אָט האָט איר דעם אונטערשיד פון דעם מענשענס שאַפען און דעם שאַפען פון דער נאַטור. (טרעט אויף מיט זעלדען) דאָ איז אַזוי גרין און שמעקעדיג און דאָרט —

זעלדע: אָבער אויך יענער רויך איז דאָך נוציך. דאָס גראָז, די בוימער זענען טאַקע שעהן אָבער בייסען קאָן מען זיי דאָך ניט. — קיינער ניטאָ?

שטאָטמאַן: וואָס איז עפּעס אייער סיליע אַזוי פּלוצים אַוועק? מיט אַמאָל ניט געסטייעט.

זעלדע: נו, איר ווייסט דאָך, נאָך פּאָרט אַ קינד. מסתמא האָבען איר אונזערע געשפּרעכען ניט אינטערעסירט נענוג. — סיליע! (קיין ענטפער) נו, קומט אריין. איצט מוזט איר שוין געווים זיין הונגעריג.

שטאָטמאַן: נו יאָ. גוטע לופט שאַפט אַפּעטיט און אויך בעגייסטערונג. — און וואו איז ערגיץ מיסטער לעווין?

זעלדע: מסתמא אין הויז. קומט אריין. (ביידע אָב אין הויז. פּאַוזע)

סיליע: (קומט צוריק ארויס. זעצט זיך, שטעהט אויף און פּרובירט שטיל דאָס פידעל)

ברײנע, בעני: (טרעטען אויף)

בעני: זעה נור, ברײנע, סיליע שפּילט שוין פידעל.

ברײנע: האָסט דיר געקויפט אַ פידעל און מיר גאָר ניט געזאָגט.

סיליע: ווייל איך האָב דיר ניט געהאַט וואָס צו זאָגען. דער פידעל איז ניט מיינער.

ברײנע: וועמעס דען?

בעני: אפשר דעם ניו־יאָרקערס?

סיליע: יעס.

ברײנע: האָסט אים שוין געהערט שפּילען?

סיליע: דערוויל נאָך ניט.

ברײנע: עפּעס אַ שעהנער? —

בעני: וואָסע, וואָס דערפרעגסטו דיר אַזוי? ער איז דאָך שוין אַ פערהייראַטער, האָסטו דאָך שוין געהערט —

סיליע: אַ פערהייראַטער?! ווער זאָגט דאָס?

בעני: ווער?.. טשאַלי, זיין מוטער, און דאַכט מיר אַז גאַנץ מאַאונט־יוניאָן ווייסט שוין דערפון.

סיליע: פּאָני! אַלע ווייסען און איך הער דאָס צום ערשטען מאָל.

ברײנע: קאָן מען דאָך אים אַליין פרעגען.

בעני: און וואָס דענקסטו וועט ער דיר זאָגען, אַז ניין?

ב ר י י נ ע : און דו האסט שוין מורא. און אז אפילו יא איז וואס? איז ער שוין טריף?... זאג, ווי קוקט ער אויס?

ס י ל י ע : (ווי זיך ארויסכאפענד) פרעג מיין מאמע וועט זי דיר זאגען.

ב ע נ י : (צו בריינען, שטיל) אויב אזוי איז שוין טשאלי גערעכט.

ב ר י י נ ע : (צו סיליען שפאסהאפט) דזשעלעם אויף דער מאמען פאר איין איבריג ווארט, א?... כא, כא, כא —

ש ט א ט מ א ן : (פון אונטער דער טיר) איך הער די שטימע מיט דעם פרעהליכען געלעכטער פון דער יוגענד. מע דארף איר געהן אנטקעגען. (טרעט אויף, פארנויגט זיך)

ס י ל י ע : (שטעלט זיי פאר איינעם פארן צווייטען. שפאַסיג און צושטרייענד) שייקט אייך הענט; קומט אויך ערשט פון ניו־יארק.

ש ט א ט מ א ן : איך גלויב איך האב אייך טאקע געזעהן. קומט איר הייסט דאס אויך ערשט אן! וואס פאר איין איבערראשונג.

ב ר י י נ ע : א, אזעלכע איבערראשונגען זענען פארהאן גענוג אין לעבען. — איך האב געהערט איר האט שוין אויסגעקוקט אונזער שטעטעל, געווען אין די בערג. ווי געפעהלט אייך עפעס?

ש ט א ט מ א ן : גרויסארטיג! אלס א שטיל שטעטעלע גלייך איך דאס זעהר.

ב ע נ י : (דורך א בעהאלטענער איראני) און די מיידלעך פון שטעטעל?

ש ט א ט מ א ן : טרעטען ניט אפ פון די גרויס־שטעטיגע. נור איינענטליך ווערט דאס ערקלערט דערמיט: יעדער קליין שטעטעל האט זיך אירע אינטעליגענטען פונקט ווי יעדער גרויסע שטאט אירע אידיאטען און גראביאנעס. איידעלקייט און קליינשטעטעלדיגקייט זענען צוויי בעזונדערע זאכען —

ב ע נ י : הייסט דאס, ווי איך זעה, זענט איר גאר פארליבט אין די היגע מיידלעך. אבער דער גליק איז וואס פאר אייך האבען שוין די היגע בויעס ניט וואס מורא צו האבען.

ש ט אָ ט מ אַ ן : עפּעס פאַרשטעה איך אייך ניט. וואָס מורא צו האָבען?

ב ע נ י : איך מיין... וועל... איר זאָלט זיי קאָנקורירען... איר זענט דאָך אַ פערהייראַטער —

ש ט אָ ט מ אַ ן : וואָס?!.. דאָס מוז שוין זיין אַ קליינשטעטעלדיגער ליגען!

ב ע נ י : מאַכט איר מיך פאַר אַ ליגנער!

ש ט אָ ט מ אַ ן : אַ ליגנער וועט זיין יעדער איינער וואָס וועט דאָס נור וואַגען צו זאָגען.

ב ע נ י : איר האָט דאָס דער ערשטער אַזוי געזאָגט. אַזוי האָב איך געהערט.

ש ט אָ ט מ אַ ן : וועל —

ב ע נ י : קיינער האָט אייך פאַרן צונג ניט געשלעפּט און אויב איר לייקענט אייערע אייגענע ווערטער דאַן — נור קיין ליגען זאָגט מען דאָך ניט ווען סע'ז ניט פאַרהאַן דערביי קיין איינגענער אינטערעס —

ב ר י י נ ע : בעני! וואָס איז מיט דיר! זאָל זיין גענוג!

ב ע נ י : נעוווער מיינד! מיר זענען דאָ טאַקע פּראָסטע מענשען אָבער אָפּנאַרען וועט אונז קיינער ניט! און דאָס ערשטע וואָס יענער זאָגט וועגען זיך אַליין איז שטענדיג דער אמת.

ב ר י י נ ע : וואָס איז, בעני, וואָס גערט דיר אַזוי אין לעבען אריין צו זיי זענען פאַרהייראַט צו ניט?

ב ע נ י : ליגנערס האָב איך פיינט!... דעטסאָל!...

ב ר י י נ ע : שש... בעני — קום שוין, זאָל שוין זיין —

ב ע נ י : ניו־יאָרקער פייקערס!... געקומען אַהער די מיידלעך די קעפּ פאַרדרעהען!

ש ט אָ ט מ אַ ן : עי, יונגערמאַן, דו רעדסט שוין באַלד צופיל.

ב ע נ י : וואָס זשע ווילסטו, פייטען? קאָם־אָן! (כאַפּט זיך אַרונטערשלעפּען דעם אויבערראָק)

ס י ל י ע : בעני! ביזט משוגע געוואָרען!

ב ר י י נ ע : (שטופּט אים ארונטער פון די שטיגען)

ב ע נ י : איך האָב פיינט אזעלכע מאַנקי־ביזנעס! איך בין אַ פּראָסטער מענש. דרעהען מיט דער צונג האָב איך פיינט! (לאָזט זיך געהן)

ב ר י י נ ע : עס טוט מיר לייד, מיסטער שטאָטמאַן. איך בין זיכער אז דאָ מוז זיין עפּעס אַ מיספערשטענדעניש. גוד־ביי. (אָב מיט בעני'ן)

ס י ל י ע : (בלייבט זיצען אין אַ נערוועזער פּאָזע).

ש ט אָ ט מ אַ ן : (פּלאַצט אויס אין אַ סאַרקאַסטישען געלעכטער).

ז ע ל ד ע : (קומט ארויס פון הויז) וואָס איז, וואָס איז דאָ פאָרגעקומען?

ש ט אָ ט מ אַ ן : העלפט מיר לאַכען, מאַדאַם לעווין, כאַ, כאַ, כאַ...

ל ע ו ו י ן (קומט אָן פון דער צווייטער זייט, בלייבט שטעהן מיט אויפגעשטעלטע מויל־און־אויערען).

ש ט אָ ט מ אַ ן : אהאַ, קומט 'העך, קומט 'העך, מיס־טער לעווין! אַ שעהנעם דאַנק אייך פאַר אייער רעקלאַמע —

ל ע ו ו י ן : (בייז) וואָס קומט דאָ פאָר?

ש ט אָ ט מ אַ ן : מיסטער לעווין, איך האָב מיט אייך געטריבען שפּאַס און איר האָט דעם שפּאַס שוין צופּויקט. וויפיל קינדער האָב איך כאָטש?

ל ע ו ו י ן : וואָס, ניין?... לוינט זיך אייך שוין יעצט אזוי צו זאָגען?! פון וואַנעט וויים איך אז איר זאָגט שוין יעצט דעם אמת!... ניין, ניין! ווען סע'ז ניט קעגען נאַכט וואָלט איך אייך שוין משלח געווען!

ז ע ל ד ע : לעווין!

ש ט אָ ט מ אַ ן : אַזאַ מכנים אורח זענט איר! דאַן וועל איך שוין ליבער דאָרט מיט די חזרים אין בלאָטע נעכטיגען איידער דאָ מיט אייך אונטער איין דאַך! (כאַפּט זיין רעגצעל מיט דעם פידעל)

ל ע ו ו י ן : נור געגאַנגען! נור געגאַנגען!

ז ע ל ד ע : לעווין!

ל ע ו ו י ן : מיך נארט מען ניט! איך זעה שוין וואס דא קומט פאר. (לאזט זיך אין הויז אריין)

ש ט א ט מ א ן : מיסטער לעווין, איר זענט א —

ז ע ל ד ע : מיסטער שטאטמאן, פארשווייגט איר כאטש.

ש ט א ט מ א ן : (לאזט זיך געהן)

ז ע ל ד ע : (האלט אים אפ)

ש ט א ט מ א ן : אז דאס שטעטעלע שטעלט זיך שוין אויף די פיסלעך האב איך שוין דא ניט וואס צו טון.

ל ע ו ו י ן : (צינדענדיג, צו זעלדען און סיליען) אריינט אין שטוב!... שוין!... (אב אין הויז)

ש ט א ט מ א ן : (אב פון ווערא נדע).

ז ע ל ד ע, ס י ל י ע : (שטעהען א ווײלע, קוקען אים נאך נידערגעשלאגען).

ל ע ו ו י ן : (אין טיר) אריינט אין הויז אריין!

ס י ל י ע : (צו זעלדען) און דאס איז אלץ איבער דיר! (אב אין הויז ברויזענד)

ז ע ל ד ע : (בלייבט זיצען נידערגעשלאגען און פארזונקען אין געדאנקען. קוקט נאך פאר א צייט אין דער ווייטקייט וואוהין שטאטמאן האט זיך אוועקגעשלעפט א געשלאגענער מיט זיין פעקיל צוריק אין וועג אריין).

פ א ר ה א נ ג.

## פ ע ר ז אָ נ ע ן :

שעפּסיל — אַ סטאַראָזש
עטעל — זיין פרוי
ז י י ע ר ע ק י נ ד ע ר :
וועלוועלע
בערעלע
נחמה׳קע
בענדעט — אַ הויפּט־גנב
חייקעל ליפּאַ — שעפּסיל׳ס בעל־הבית
מילקע — זיין דינסט
ג נ ב י ם :
פּעטקע „פוילע קאַץ״ — נחמה׳קעס געליבטער
גדליהו „אַלטער ווארעניק״ — עטעל׳ס געליבטער
„יונגער ווארעניק״ — זיין זון
„בייזער וואָלף״
„מיקיטאַ פּעלץ״
„ווילנער נאַשער״
„טרובאַליאַט״
„בייזע מויז״
„ווילדער האָן״.

פּ ל אַ ץ : רוסלאַנד
צ י י ט : אין אַ ווינטער־נאַכט.

# ע ר ש ט ע ר  אַ ק ט

(בײַ שעפּסלען אין זעמליאַנקע. דער דיל געשפּרייט געדעקט מיט שטרוי. דאָס מעביל — אַ פּאָר צובראָכענע בענקלעך, אַ טיש אויף הינערשע פּיסלעך, אַ צונויפגעקלאַפּט בעט און אַ אַלט הילצערן טופּטשאַנדעל. איבער׳ן גאַנצען שטיבעל — וועש אויף שטריק צוהאַנגען. רעכטס, באַלד בײַ דער טיר, אַ גרין געשמירטער אויוועז, ברענט העל; עס שטעהען און ליגען דאָרט טעפּ און פּרעסלעך. לינקס, אויף דער צווייטער וואַנט, אַ פּאָר פּאָליצעס; עס איז צו זעהן דאָרט אַ פּאָר טעלער, גלעזער, שאָלען מיט אַ פאַרשמאָלצעוועטער בוימאייל־פלאַש. אונטער די פּאָליצעס — אַ דייזשקע, אַ צובויגענע בלעכענע קוואָרט מיט אַ ציבער. עטוואָס ווייטער, אויף דער זעלבער וואַנט, איבערן טופּטשאַנדעל, הענגען בילדער פון משה׳ן מיט אהרונ׳ען, די עשרת הדברות און אין דער מיט, צווישען די בילדער און עשרת הדברות, הענגט אַ קליין פאַררויכערט לעמפּעל... עס איז ווינטער, תחילת־נאַכט. די שויבען פון די צוויי קליינע פענסטערלעך — פאַרפרויען, פאַרבלאָזען. באַלד אונטער זיי שפּרייט זיך אַ שטיקעלע בלוילינע ווייסקייט, פון אַרומיגען שנעע־באַדעקטען פעלד. אָבער דאָס שטיקעלע ווייסקייט איז איינגעטונקען אין דער דונקעלקייט פון דער שטומער גזלנ׳שער אָוועגט־שיין... — פון דרויסען, ארום שטיבעל, הערט מען פון מאָל־צו־מאָל אַ וואָיען פון אַ הונט: אַן אויסגעצויגען טרויעריג וואָיען.)

ע ט ע ל : (ליגט אין בעט, וועלכעס שטעהט אין אַ ווינקעל עטוואָס ווייטער פון אויוועז, שלאָפט, קרעכצט גאַנץ אָפּט)

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (זיצט אויף דר׳ערד, אין מיטען שטיבעל, שניצט עפּעס)

נ ח מ ה ׳ ק ע : (קומט אריין מיט וועש) בררר!... (וואַרפט דאָס האַסטיג אויפ׳ן טופּטשאַן, הויכט אויף די הענט) וואָס פאַר אַ פראָסט, וואָס פאַר אַ פראָסט. זאשפּערעס פאַרגאַנגען. בררר!... (רייבט די הענט, אָב צום אויוועז. וואַרעמט זיך אַ ווײַלע. לויפט באַלד צו צו דער וועש. צוהענגט דאָס אויף די פּאָר לעדיגע

שטריק. פאוזע. — אַ קינדעריש געוויין פון אונטער דער קאָלדרע, אין בעט).

ע ט ע ל : (דורכוואַרפענדיג זיך) ששש, שאַ, שאַ, בערע־לע, שאַ. שלאָף, מיין קינד. (עס ווערט אנשוויגען. זי שלאָפט אויך איין צוריק. פאוזע)

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (אויספלאַצענדיג אין אַ געוויין) אה!

נ ח מ ה ׳ ק ע : (לויפט צו צו אים) אהא, זיך צעשני־טען, אַ מצוה! (כאַפּט זיין הענטעל, קוקט זיך איין)

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (פאַרזעצענדיג) אה־ה־ה!

נ ח מ ה ׳ ק ע : (צערטליך) נו, שאַ, שאַ, וועלוועלע, וואָס וויינסטו וואָס? ס׳געהט קיין בלוט ניט, שאַ.

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : אוי־אוי מיין „פינדער“, מיין „פינ־דער“! אָט דאָ אָ, אָט דאָ אָ!

נ ח מ ה ׳ ק ע : (שלעפּט אים צום פייער) אז נור סע שניצט און סע שניידט, אין דר׳ערד אריין!

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (אין איין אָטעם) אה־ה־ה!

נ ח מ ה ׳ ק ע : נו, שאַ, שאַ, וויין ניט; די מאַמע שלאָפט! וועסט זי נאָך אויפוועקען. (ווייך) גי כפּרה זאָלסטו ווערען. (קוקט זיך איין צו זיין פינגער) אהאַ, שוין ווידער זיך פאַרשטאָכען, דער מזיק; אַ מצוה אויף דיר! סט׳נאָך שניצלען!... (לאָזט זיך אים אַ זעץ טאָן, בלייבט הענגען מיט דער האַנט אין דער לופטען) אז נור סע שניצט און סע מאָלט, אין דר׳ערד אריין! דאָס מעסער געהט ניט ארויס פון דער האַנט! (שלעפּט ארויס דאָס פאַרשטאָכענע).

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : אוי־אוי־אוי־אוי!

נ ח מ ה ׳ ק ע : (גלעטענדיג) נו, שאַ, שאַ, וויין ניט. שוין, שוין; געה שלאָפען וועט זיך דיר פאַרהיילען.

ע ט ע ל : (אין אַ שוואַכער שטימע) וואָסע, וואָס וויינט ער, נחמה׳לע?

נ ח מ ה ׳ ק ע : וואָס ער וויינט, דער מזיק; אז נור ער שניצט און מאָלט...

ע ט ע ל : פאָרט וואָס האָט ער געוויינט?

נ ח מ ה ׳ ק ע : (דורך אַ קינדערשען כעס) זיך פאַר־שטאַכען; אַ מצוה אויף אים.

ע ט ע ל : (דער לעצטער אין די רייד) שוין ארויסגע־נומען?

נ ח מ ה ׳ ק ע : (דורך אַ מילדען בייזער) יאָ. נור וואָס זעהט זיך דאָס אָן ביי אים, ט׳אַוועק אַ מינוט ט׳ער זיך ווידער פאַרשטעכען. — (דורך אַ גוט־האַרציגען ערנסט) אָ, דו מזיק, דו! די מאַמע אויפגעוועקט, זעהסט! (מאַכט אָן אָנשטעל ווי זי לאָזט זיך אים שלאָגען)

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (דערשראָקען) מאַמע!... (לויפט צו צו עטלען, קלויבט זיך אַריין אין בעט, ליגט איינגענורעט)

נ חמ ה ׳ ק ע : (לאָזט זיך צו אים, שפּאַסיג) איך׳ל דיר גיבען!

ע ט ע ל : אָ, טשעפּע אים ניט, לאָז אים אָפּ.

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (זיך דערפילענדיג זיכערער) וואָסע, וואָסע? איך מיר געמאַכט אַ וועגעלע; איך עלטער ווערען. קוילען פירען. וואָסע, וואָס דו מיר טאָן!

ע ט ע ל : (דורך אַ שוואַכען שמייכעל) וואו ועסטו נעמען קוילען צו פירען?

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : אַזוי, ביי „האַקלען“ דאָ אַ סך קוילען; איך אַמאָל געזעהן.

נ ח מ ה ׳ ק ע : (לאַבענדיג) וואוהין זשע ועסטו זיי פירען?

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (בעלעבט) אַהערצו־צו!

ע ט ע ל : (אָנקוועלענדיג, מיט אַ גלעט איבער זיין קעפּיל) מיט אַזא קליין וועגעלע?

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (מיט צועפּענטע פאַנטאַסטישע אויגעלעך) אַזוי, אַז איך „ווען“ „גרויס“ דאָס וועגעלע אויך „ווען“ „גרויס“... יאָ, יאָ!

ע ט ע ל : (לאַכט שמערצליך)

נ ח מ ה ׳ ק ע : און וואו ועסטו נעמען געלט צו באַ־צאָלען פאַר די קוילען?

וועלוועלע: (אַ קלער) אויף וואָס צאָלען? (שמייכעלט שטיפעריש)

נחמה'קע: (האַלב אויפגעבראַזט) וואָס זשע דען, גנב'ענען! די כפּרה זאָלסטו ווערען!

עטעל: (איבעררייסענדיג) אַ, שעלט אים ניט.

נחמה'קע: (גאַנץ ערנסט) הערסט וואָס ער חזר'ט זיך!

וועלוועלע: (קונדס'יש) אזוי, אזוי, בענדעט „זאָט“ מע מעג.

נחמה'קע: (ברוגזיג) נו, מאַמע, הערסט באַטש וואָס בענדעט לערנט אים, א?

עטעל: (געלאַסען) אַ, נאַרישקייטען; מאַלע וואָס אַ קינד חוזר'ט זיך. אז ער (וועלוועלע) זאָגט איז שוין פאַרפאַלען?

נחמקה'קע: וואַרט, דו קליינער „פּידסוועניק“, איך'ל דיר גיבען זיך חוזר'ן אַ גנב צו זיין!

וועלוועלע: (טאַנצענדיג אין בעט) בענדעט „זאָט“ מע מעג!

נחמה'קע: (לאָזט זיך אים שלאָגען) איך'ל דיר גיבען אַ גנב'ענען!

וועלוועלע: (אַרומכאַפּענדיג עטלען) מאַמע!

עטעל: (ווייך, צו נחמה'קען) אַ, לאָז אים אָפּ, מיין קינד.

נחמה'קע: (פאַרדראָסיגליך) גיב אים נאָך, גיב אים נאָך... וואַרט, שוין דערצעהלען דעם טאַטען, דו, מזיק, דו!

וועלוועלע: (פאַרשווייגט, גראָבט זיך אונטער מיט מורא אונטער דער קאָלדרע. אַ קורץ שווייגען)

עטעל: יאָ, וואָס איז דאָס, נחמה'לע, עפּעס נאָך ניטאָ דער טאַטע?

נחמה'קע: איך פאַרשטעה גאַרניט וואָס ער זאַמט זיך אזוי שפּעט.

עטעל: ווייזט אויס ער אַרבייט.

נחמה'קע: (דורך אַ מין באַדויער) אך, ווי אַ מענש

וויסט דאָס ניט פון קיין רו. ער'ט דאָך שוין אַט באַלד דאַר־
פען געהן צוריק.

ע ט ע ל : (קריטיש) יאָ, דיין טאַטע איז אַ מענש: נור
אַרבייטען און קלאַפּען, קלאַפּען און אַרבייטען. — (כאַפּט זיך פאַר
דער זייט) אוי!... (צוּבראָכען) נחמה'קעלע, נחמה'קעלע, איך בין
שלאַף, נחמה'קעלע!

נ ח מ ה ' ק ע ל ע : (האַרציג) וואָס זשע קאָן איך דיר
העלפען, מאַמעניו... (זיך אַריינזעצענדיג אין בעט לעבען איר)
ווילסט אפשר עפּעס עסען, מאַמעניו?

ע ט ע ל : וואָס האָסטו דען געקאָכט, מיין קינד?

נ ח מ ה ' ק ע : (ניט פריי) אַ קאַליש פון גערשטענע
גראַפּען.

ע ט ע ל : (דורך אַ צוק פון אונצופרידענהייט) פון גער־
שטענע גראַפּען...

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (כאַפּט זיך באַהאַלטענערהייד און שטוי־
פּערש אַרונטער, נעמט זיך ווידער שניצען)

נ ח מ ה ' ק ע : (צו עטלען) עפּעס אַנדערש ניט געהאַט
וואָס. — ווילסט עסען, גיבען דיר?

ע ט ע ל : (קנייטשענדיג) כ'וויס, גיב 'הער. — נור
אַמער נאָטע איז נאָך אויך ניטאָ.

נ ח מ ה ' ק ע : בענקסט נאָך אים? איך ניט.

ע ט ע ל : נחמה'קעלע, רעד ניט אַזוי; ער איז דיין חתן.

נ ח מ ה ' ק ע : (מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגען) ס'וואָלט
מיר גאַנץ ווייניג געאַרט ווען ער וואָלט זיין אַנאַנדערערס.

ע ט ע ל : (צוריקגעהאַלטען) נו, דיין טאַטע האָט דאָך אים
דיר אויסגעקליבען... און דו האָסט דאָך ליב דעם טאַטען, ניין?
(גלעט זי איבער'ן אַקסעל)

נ ח מ ה ' ק ע : (דרעהענדיג אַן עק פאַרטעך, שטאַרק אומ־
צופרידען) יאָ, דעם טאַטען האָב איך טאַקע ליב, אָבער דעם חתן
האָב איך פיינט; עפּעס אַ חניאָק!... מיר אים קוים אויסגע־
קליבען... קאָן מיט מיר אפילו קיין צוויי ווערטער ניט רעדען...
(זיצט אַ רגע, צוויי, געשלאָגען, אָב מיט געצעלטע טריט אַ פאַרטראַכטע
צום אויווען)

ע ט ע ל : (קוקט איר נאָך באַדויערענדיג, אַפּאַרט) מיין מזל ניפּריטשקעם, מיין מזל...

נ ח מ ה ' ק ע : (קוקט אַ פּאַרטרוימטע אויף די פלאַמען אין אויווען, הויבט אָן זינגען שטיל און טרויריג)

„פון וואַנעט נעמט זיך אַ ליבע?
פון רעדען און פון שמועסען און פון לאַכען:
אונזער ליבע איז געשלאָסען געוואָרען
אין איינע צוויי אויפדערנאַכטען.“

(צו וועלוועלען) נו, וואָס ביזטו אַרונטער! געה שלאָפען.

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : אַזוי, וויל ניט „שאָפען“, וויל ניט.

ע ט ע ל : קום אַהער, אָט דאָ, לעבען מיר: ווער איינשלאָפען, מיין קינד.

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : אַזוי, אַזוי; וויל ניט, וויל ניט! וויל מאַכען מיין וועגעלע אויף קוילען וויל איך. (שניצט)

נ ח מ ה ' ק ע : (זעצט פאָר זינגען, פאַר'חלומ'ט)

„און אַז אונזער ליבע איז געשלאָסען געוואָרען,
האָט דאָך קיינער ניט געוואוסט“. —

ע ט ע ל : (צער'דיג) נחמה'קע, נחמה'קע! טו אַ קוק. איך בעט דיך, ער האַלט דאָס שאַרפע מעסער האַלט ער! ר'וועט זיך נאָך צעשניידען; נעם עס צו ביי אים.

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : אַזוי, איך זיך ניט צעשניידען —

נ ח מ ה ' ק ע : (צולויפענדיג) וואָס, מיט'ן שאַרפען מעסער! (לאָזט זיך אים כאַפּען)

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (אַנטלויפט מיט'ן מעסער אויף פון אונטען)

נ ח מ ה ' ק ע : (כאַפּט אים, רייסט זיך מיט אים) אַהער גיב! אַהער גיב, דו מזיק, דו!... וואַרט, דער טאַטע וועט דאָס שוין ווייסען.

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (טוט אַ וואָרף דאָס מעסער, אָב אויף אַ זייט מיט אַן אויסדרוק פון מורא)

נ ח מ ה ' ק ע : (הויבט אויף דאָס מעסער, אָב דערמיט צום טיש)

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (אַ רגע שפּעטער, לעבען עטעל'ס בעט,

דורך א צוזיגענעם געוויין) דאָס מעסער!... וויל דאָס מעסער!...

בערעלע: (זיך אויפכאַפּענדיג, פאַרשלאָפען, דורך גע־וויין) מ—אַ—מ—ע!

עטעל: (דורך שפּאַס און פול מיט ליבע) נו, וואָסע „טאַטע“?

בערעלע: (וויינט)

עטעל: נו, שאַ, בערעלע, שאַ. (פאַרטראַגט זיך לייכט אויף וועלוועלען) זעהסט, מזיק! מיט דיין שרייען שוין בע־רעלען אויך אויפגעוועקט! — נו, שאַ, בערעלע; סט'עפּעס אמען, מיין קינד?

בערעלע: (דורך טרערען, צוצויגען) יאַ—אַ—אַ.

נחמה'קע: (טרעט צו, ווי נור ער הויבט אָן צו וויינען) גיבען א קאַרטאָפליעלע, בערעלע?

בערעלע: נ—ע—ע—ע!

וועלוועלע: איך וויל א „קאַטאָפּיע“. (רייסט זי ביים שירץ)

נחמה'קע: וואַרט, פריער גיבען בערעלען, נאָכדעם דיר. שאַ, וועלען מיר הערען וואָס א בערעלע־„בו“ וויל. (צו בערעלען) גיבען דיר א „קאַקעלע“?

בערעלע: וויל ניט!

נחמה'קע: א.. א... „פּיסטערן לאַשעקעל“ גיבען?

בערעלע: (כעס'דיג) מ—מ—ם!

נחמה'קע: (געדולדיג) א... א לאַד פון א בייגעל?

בערעלע: (וואַרפענדיג) א—א—א!

נחמה'קע: (שפּילענדיג) א שפּיץ פון א קלויסטער?

בערעלע: (וואַרפט זיך, שרייט)

וועלוועלע: (אויפגעליעבט) איך וויל, איך וויל!

עטעל: (זעצט זיך אויף) לאָז אים אָפּ, נחמה'לע: ער וועט גאָר עסען אביסעלע קאַליש. — נו שאַ, זונעניו, שאַ. (שטילט אים איין)

וועלוועלע: (וויינענדיג) א „קאַטאָפּיע“!...

עטעל: (לאָזט זיך אַרונטער פון בעט)

נחמה'קע: וואוהין איז, מאַמע?

ע ט ע ל : די חברה גיבען וועטשערע.

נ ח מ ה ׳ ק ע : נישקאשע, מאמע, ליג בעסער. ברעד זיך ניט. איך׳ל זיך שוין מיט זיי ספראווען.

ע ט ע ל : איי, מיין קינד, קליינוואַרג דאַרף מען קאנען דאַגאַדזען... איי גאַטעניו, די שעה זאָל גאַר ניט זיין...

נ ח מ ה ׳ ק ע : מאַמעניו, איך בעט דיך, הער אויף...

ע ט ע ל : קינד מיינס, ביזט דאָך נאָך גאַר אַליין אַ קינד... (אַ כאַפּ ביי דער זייט) אוי!...

נ ח מ ה ׳ ק ע : מאַמעניו, איך בעט דיך, לייג זיך צוריק אַנידער.

ע ט ע ל : קינד מיינס, האַסט דאָך נאָך גאַר אַזוי פיל אַרבייט. (מיט די אויגען אויף דער וועש) ווען וועסטו דאָס אָפּטאָן.

נ ח מ ה ׳ ק ע : נישקאשע, מאַמע, נור ניט געזאָרגט. (לייגט זי איין צוריק אין בעט אריין)

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (ווידער) אַ „קאַטאַפּיע“...

נ ח מ ה ׳ ק ע : (שלעפּט אַרויס פון אויוון אַ טעפּעל, נעמט ארויס פון דאָרט אַ פּאָר קאַרטאָפליעס, לייגט אריין איינע וועלוועלען אין פּאַדעליק, די איבריגע צוריק אין טאָפּ אַריין)

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : איינע!

נ ח מ ה ׳ ק ע : וויפיל דען!

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : וויל נאָך! (וויינט)

נ ח מ ה ׳ ק ע : אַ מזיק!... נו נאַ, נאַ. קום ׳הער. (פירט אים צו צום טיש, שניידט אָפּ ברויט, גיט אים נאָך אַ קאַרטאָפליע) אַבער עס מיט ברויט! (אָב צום אויוון, דערלאַנגט עטלעכן קאַליש)

ע ט ע ל : (זיך אויפזעצענדיג) האַסט אפשר אַביסעלע שמאַלץ?

נ ח מ ה ׳ ק ע : ניין, קיין שמאַלץ האָב איך ניט: אַביסעל בוימאייל גיבען דיר?

ע ט ע ל : (פאַרביטערט) האַסט דען?

נ ח מ ה ׳ ק ע : (נעמט ארונטער די פלאַש פון פּאַליצע, קוקט אין איר) נאָך דאַ אַביסעלע, ווילסט?

ע ט ע ל : אַ, זאָל שוין זיין אזוי. כאָטש בלייבן אַ ביסעל בוימאייל פאַר'ן טאַטען צו אַ ציבעלע. (עסט, דערלאַנגט אויך בערעלען)

נ ח מ ה ' ק ע : (נעמט זיך אויסהענגען די איבעריגע וועש, זינגט :)

„אוי פּאַפּיר איז דאָך וויים
און טינט איז דאָך שוואַרץ,
צו דיר, מיין זיס לעבען,
עס ציט מיר מיין האַרץ".

ע ט ע ל : נו, און וואָס עסטו עפּעס ניט, נחמה'קעלע ?

נ ח מ ה ' ק ע : כ'וועל שוין וואַרטען פאַר'ן טאַטען. (געהט צו צום אויוועז, נעמט ארויס אַ פּרעסיל, פּרואווט דאָס — אַ שפּיי, לייגט דאָס פּרעסיל צום אויער, וואַרפט דאָס צוריק אין פייער, אָב אין דרויסען. אַ וויילע שפּעטער הערט זיך פון אונטער דער טיר אַ האַקען פון האָלץ און אויך אַ שטאַרק וואָיען פון אַ הונט)

ע ט ע ל : אַ, צו זיין קאָפּ זאָל זיין ! ווי ער האָט זיך דאָס דאָרט צעוואָיעט, ברענען זאָל ער ! (בויגט זיך אַרונטער, נעמט אַרויס האַסטיג פון אונטערן בעט אַ שוך, קערט אים איבער) טפו, טפו, טפו ! אויף אַלע גויעשע קעפּ און גויעשע הייזער. טאַטע זיסער גאָט ; וואָס ס'דאַרף זיין מיר, מיין מאַן, אַדער מיינע קינדער זאָל צו זיין קאָפּ אויסגעהן. — וועלוועלע, וועל-וועלע ! וואָס עסטו אָן ברויט וואָס עסטו ? באַלד ווידער וועלען עסען, אַ ! (שפּייזט בערעלען מיט'ן לעפיל)

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : ס'הייס.

ע ט ע ל : דערפאַר עסטו אָן ברויט ?

נ ח מ ה ' ק ע : (אריינטראָגענדיג האָלץ) אַך, אין דרויסען אָן איבערקערעניש ! אַ ווינט מיט אַ זאַווערוכע, אַז בערג רייסט דאָס אויס, בררר !... (דער הונט וואָיעט ווידער) הער נור מאַמע. ווי אונזער „זשוק" וואָיעט דאָס אביסעל.

ע ט ע ל : ניט קיין גוטער סימן, מיין טאָכטער.

נ ח מ ה ' ק ע : (נאַאיוו) אפשר שוין ווידער אַ מכשפה גע'פגר'ט, מאַמע, אַ ? (וואַרפט האָלץ אין אויוועז)

ע ט ע ל : יאָ, מע זאָגט אזוי. — אוי !... — יאָ, ווי זיי

פלעגען דאס אמאל „דעראַרבייטען". מם... ווען איך בין געווען א מיידעל, בין איך אמאל בגנבה אוועק צו די „וואַרעניקעס".

נ ח מ ה ' ק ע : וואָס, „וואַרעניקעס"?

ע ט ע ל : יאָ. אזוי האט מען זיי גערופען. שכנים גע־ווען ניט ווייט פון אונז.

נ ח מ ה ' ק ע : וואָס זשע איז גאָר עפּעס בגנבה?

ע ט ע ל : אַ אינגעל... (באגייסטערט) גדליהו האט ער געהייסען.

נ ח מ ה ' ק ע : (אין אַ צוריקגעהאַלטענעם שמייכעל) — גדליהו וואַרעניק?... (נעמט צו פון איר דעם טעלער)

ע ט ע ל : יאָ... (פארשוויייגט, פאַרטראַכט זיך)

נ ח מ ה ' ק ע : וואָס זשע איז געווען, מאַמעניו? דער־צייל. (זעצט זיך אריין אין בעט)

ע ט ע ל : אַ, דער גדליהו פלעג ממש פגר'ן נאָך מיר... און למאי זאָל איך זאָגען... איך האָב אים אויך ניט פיינט געהאט. אַבער, מיין קינד, ווייזט אויס אַז מע נעמט ניט קיינמאָל דעם וועמען מע ליבט.

נ ח מ ה ' ק ע : (אַ שטילען זיפץ, פארטראכט זיך אַ רגע... צושטריינדיג) וואָס זשע איז געוואָרען, מאַמע, ווען דו ביזט אוועק אַהין בגנבה?

ע ט ע ל : יאָ נו, בין איך אוועק צו זיי, צו די וואַרע־ניקעס הייסט דאָס, און זיך דאָרט פאַרשפּעטיגט. איך לויף צוריק אַהיים, און בין שוין דאַכט זיך אזוי נאָהענט ביים הויז. איך קוק זיך אַרום — אַ הונט! אַ גרויסער שוואַרצער הונט! בין איך אַנטלאָפען און פאַר שרעק אַזש ניט געקאַנט כאַפּען דעם אָטעם.

נ ח מ ה ' ק ע : (העכסט נייגעריג) אזוי!...

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (זיצט ביים טיש, עסט מיט אַ האַלב מויל, הערט זיך מיט ביידע אויערלעך איין צו עטלען)

ע ט ע ל : בין איך געלאָפען, געלאָפען און ווי שטאַרק איך בין ניט געלאָפען און דער הונט איז אַלץ געווען אונטער מיר. דו הערסט?

נ ח מ ה ' ק ע : נו, נו?

ע ט ע ל : בין איך אזוי געלאָפען און געלאָפען ביז איך האָב דערזעהן אַ שטעקען; האָב איך געכאַפּט דעם שטעקען און אים דערלאַנגט ווי נור איך האָב געקאָנט; אַט דאמאָלט האט ער ערשט ניט געסטייעט. — אוי!... (הוסט) — זעה נור, זעה נור, נחמה׳קעלע, איך בעט דיך, ווי ער (וועלוועלע) עסט דאָס אָן ברויט, טו נור אַ קוק; שנייד אים אָפּ אַ שטיקעל ברויט.

וועלוועלע : וויל ניט, וויל ניט; שוין מער ניטאָ „קאָטאָפּיעס".

נחמה׳קע : ווילסט שוין מער ניט עסען?

וועלוועלע : נע. (אַ וויש מיטן אַרבעלע דאָס מויל)

נחמה׳קע : טאַ געה שלאָפען, און שוין!

וועלוועלע : וויל ניט.

נחמה׳קע : (דורך אַ וויינען בייזער) שלאָפען, שלאָפען, זאָג איך! (מאַכט דעם אָנשטעל ווי זי לאָזט זיך אים שלאָגען)

וועלוועלע : (האַלב וויינענדיג, בעטענדיג) וויל ניט, וויל ניט; וויל זיך נאָך „פּילען" וויל זיך.

ע ט ע ל : (מוטערליך) אַ, לאָז אים אָפּ, נחמה׳לע; נו, זאָל ער זיך נאָך אביסעלע שפּילען. (צובראָכען) זאָל ער כאָטש האָבען דעם פאַרגעניגען.

נחמה׳קע : (אָפּאַרט) אַך, נאָך אַזוי פיל אַרבייט... (בלייבט שטעהן אין אַ פּאָזע ווי זי וואָלט ניט וויסען וואָס פריער צו טאָן)

ע ט ע ל : (הויבט אונטער איר קישען, מאַכט זיך אַ העכערען צוקאָפּענס, לייגט זיך. קורצע פּאַוזע. קערט זיך אום צוריק צו איר פריערדיג מעשה׳לע) הערטמו, נחמה׳קעלע.

נחמה׳קעלע : (וויל זיך עפּעס נעמען טאָן, רייסט זיך אָפּ — דער מאַמען צוליב) יאָ, מאַמעניו?

ע ט ע ל : מע זאָגט דאָס האָט געמוזט זיין אַ פאַרסמאַלעטער שטעקען.

נחמה׳קע : (פאַרכאַפּט) וואָרום, מאַמע?

ע ט ע ל : ווייל פאַר אַ פאַרסמאָלעטן שטעקען, מיין קינד, האָבען זיי מורא. און ווייסט וואָס נאָך מע זאָגט, ווייל איך בין געווען די איין־און־איינציגע און נאָך די עלטסטע איז זי מיר

דערפאר נאכגעלאפען. א, וואס מע דערצעהלט זיך ניט אז פון זיי. אבער פון דעמאלט אן בין איך קראנק; פון דעמאלט אן בין איך קראנק. אויב סע ניט דערפאר ווייל איך האב זי גע־שלאגען מיטן שטעקען.

נ ח מ ה ' ק ע : (פאראינטערעסירט, פשוט'יג) מאמע, אפשר איז דאס אונזער „זשוק" אט יענע מכשפה? ער איז דאך אויך א שווארצער.

ע ט ע ל : ווער ווייסט... איך האב שוין מורא מיט זיי אנ־צוהויבען. ער איז דא זאל ער שוין זיין. אפשר וואיעט ער דאס ווייל ער זעהט שוין דעם מלאך־המות. (א שווייגען. — פון דרויסען דערהערט זיך א שטארק פייפיג בלאזען פון ווינט)

נ ח מ ה ' ק ע : (האלב תפילה'דיג) אך, גאטעניו, סע זאל אונז באטש די שטרוי פון דאך ניט אראפטראגען; זי איז דאך שוין אזוי אלט.

ע ט ע ל : איי, מיין קינד, גוט איז אונז נאך וואס מיר זיינען באטש אין הויז.

נ ח מ ה ' ק ע : טאקע מאמעניו. אז דער טאטע דארף נאך שטעהן אויף אזא אומקומעניש אין דרויסען... אך, הער נור, מאמעניו, וואס פאר א ווינט — נאך מיט א פראסט!

ע ט ע ל : נו, נאך אלץ בעסער ווי א רעגען, מיין קינד: באטש טרוקען. געהט א רעגען איז דאך שוין גאר א קללה. דעמאלט באטש שווים אוועק. — אוי!... (הוסט)

נ ח מ ה ' ק ע : (בלייבט שטעהן א רגע א פארצארענטע, רייסט זיך אפ, ווי צושטרייענדיג, צו וועלוועלען) נו, שלאפען, מארש! (אב צום אויווען, בעט דארט אויס)

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (וואכעדיג) אזוי, וויל ניט, וויל ניט! וויל זיך נאך „פילען".

נ ח מ ה ' ק ע : נאך שניצלען, זיך די הענט צעשניידען!

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (אויפגעלעבט) וויל ניט, וויל ניט... וויל זיך מאכען א וועגעלע אויף קוילען פירען.

נ ח מ ה ' ק ע : (דורך א גוטמוטיגען שמייכעל) נו, וואס זאל איך טאן מיט אים? (שטעהט א רגע, לאזט זיך צו אים שפאסיג) שלאפען געה! (לאזט זיך אים כאפען)

װעלװעלע: (אַנטלױפֿט שטיפֿעריש אין אַ צװײטן װינקעל)

נחמה׳קע: (װײך) אַ מזיק אַט דאָס אַ! (מאַכט גרײט דעם טיש פֿאַר פֿרעסן, נעמט אַרונטער װעש פֿון שטריק. — צו עטלען, בעלעבט) דאָס ערשטע, מאַמע, פֿרעס איך מיר אױס מ י י ן קאָפּטעלע. אָך, כאָטש ניט פֿאַרשפּעטיגען.

עטעל: װען דו פֿאָלגסט מיך, מײן קינד, װאָלסטו בעסער ניט געגאַנגען און געװען אין דר׳היים.

נחמה׳קע: װאָרום? איך װיל זעהן, מאַמע, װי אַזױ די רײכע האָבען חתונה. אײ מוז זײן דאָרט שעהן, א יא, מאַמע? דו מוזט װיסען.

עטעל: (פֿאַרביטערט) יא, איך װײס; נור בעסער װאָלט איך ניט געװאוסט. װאָס האָב איך געהאַט דערפֿון, מײן קינד? גאָרניט! פֿון קינדװײז אָן זײ די ממזרים געניאַנטשעט; בײ־נאַכט ניט געשלאָפֿען און בײטאָג אױך קײן רו ניט געהאַט. ברענען זאָלען זײ! אַ דאַנק גאָט װאָס דו װײסט כאָטש ניט דערפֿון.

נחמה׳קע: אָבער דערפֿאַר, מאַמע, פֿלעגסטו זײן מסתמא שטענדיג שעהן אָנגעטאָן און זײן מיט זײ שטענדיג אינאײנעם, א?

עטעל: (פֿול מיט גאַל) נײן, נײן, מײן קינד, נײן! די באַדינער זײערע באַהאַנדלען זײ פֿיל, פֿיל ערגער פֿון זײערע הינט. די באַדינער זײנען בײ זײ קײן מענשען ניט; זײ װאַכען זײ אױס.

נחמה׳קע: (קוקט אױף איר מיט ברײטע צועפֿענטע פֿאַרװאונדערטע אױגען)

עטעל: כ׳האָב אַמאָל געװאָלט געהן זעהן מײן קראַנקע מוטער; האָב איך געבעטען מע זאָל מיך אָפּלאָזען, האָט מען מיך ניט געלאָזט; בין איך אַװעק בגנבה — האָט מען מיך אינגאַנצען אָפּגעשאַפֿט.

נחמה׳קע: (מצער׳דיג) אָך, מאַמע, מאַמע! אױב אַזױ הײסט דאָס האָסטו זיך געמוזט נעביך געניט אָנמוטשען...

ע ט ע ל : יאָ, מיין קינד, ווי אַ געשלאָגענער הונט בין איך.

נ ח מ ה ' ק ע ל ע : (פאַרקלערט) און איך אַט לעב און וויים נאָך פון גאָרניט. אַט האָב איך אָפּגעלעבט ביז אַהער אַט דאָ ארוים פון שטאָט, אויפ'ן סטעפּ, און גאָרניט געזעהן, גאָרניט געהערט. איצט, אַט בין איך אַ כלה, וועל חתונה האָבען און ווידער וואוינען ערגעץ דאָרט אין דאָרף, נאָך אין עק דאָרף דער־צו, און שוין. אַט דערפאַר, מאַמע, זעהסטו, וויל איך כאָטש געהן זעהן ווי אַזוי אַנדערע מענשען, רייכע מענשען לעבען. עפּעס דערצעהלט בענדעט... (האַקט זיך אָפּ)

ע ט ע ל : (דורך אַ סאַרקאַסטישען שמייכעל) זיי וועלען דיך אָבער ניט אריינלאָזען מיין קינד.

נ ח מ ה ' ק ע : (העכסט פאַרוואונדערט) וואָרום, מאַמע? (הארציג) מאַשקע אַליין האָט דאָך מיר געזאָגט איך זאָל קומען צו זיין חתן־מאָל; נו, און היינט איז זיין חתן־מאָל, וויל איך געהן. איך קאָן טאַנצען אַ „שער“, אַ קאַדריל... יאָ, יאָ, מאַ־מעניו. הערסט, מאַמעניו (באַגייסטערט) מיט אַלע רייכע, מאַ־מע, וועל איך טאַנצען! די ערשטע שער וועל איך געהן... אַט וועל איך דיר אויסרעכענען ווי אַזוי: — חייקעל מיט זיין דאָבען; מאָטיע מיט ליבען; מאַשקע מיט זיין כלה און איך... מיט נאָטען? ניין... נו, איך וועל זיך שוין דאָרט געפינען מיט וועמען צו טאַנצען. איך בין דאָך אַ שעהנע, איאָ, מאַמע? אַזוי זאָגט מען דאָך, אַ? נו, און קאַוואַליערען, ווער שמועסט נאָך רייכע, האָבען דאָך ליב שעהנע, זאָגט מען, ניין?

ע ט ע ל : (שמערצליך) אוי, מיין קינד, מיין קינד, ווייסט נאָך פון גאָרניט; ביזט בלינד.

נ ח מ ה ' ק ע : מיט וואָס, מאַמעניו? האָב איך זיך ניט פאַרדינט ביי מאַשקען צו זיין אויף זיין חתונה? האָב איך זיך ווייניג רענאָלען אָנגעטראָגען פון אים ווען ער איז געוועזען קראַנק? ער האָט דאָך מיר אַליין געזאָגט: „נחמה'קע! דער־פאַר אז איך'ל געזונט ווערען וועסטו פון מיין חתונה קריגען דעם שענסטען שטיק לעקיך“. (נעמט זיך פרעסען באַלעבאַט) נו, וועל איך דאָס טאַנצען!

ע ט ע ל : (אַנגעווענהטאַגט) איי, מיין קינד, מיין קינד... א שטיקעל לעקיך, אַז אַוועקגעוואַרפען ביינדעל וועלען זיי דיר גיבען, אָבער אַז דו זאָלסט מיט זיי טאַנצען... (אַ כאַפּ פאַר דער זייט) אוי!... — נחמה'קע! נעם צו ביי וועלוועלען דאָס מעסער, איך בעט דיך. ער שניידט שוין ווידער; איך קאָן ניט ליידען. לייג זיי שוין שלאָפען, מיין קינד.

נ ח מ ה ' ק ע : (איז באַגייסטערט, הערט ניט, פּרעסט, זינגט)

ע ט ע ל : נו, נחמה'ניו... ער'ט צער נאָך צעשניידען.

נ ח מ ה ' ק ע : (נאָך אַ קורצער פּאַוזע, לוסטיג געשטימט) נו, שלאָפען, שלאָפען, מזיק'ל! (כאַפּט וועלוועלען, רייסט אויס ביי אים דאָס מעסער, טוט אים אויס, ווישט אים צערטליך אָרום, לייגט אים אויפ'ן אויוועז, מיט אַ שטיפערשען פינגער) שלאָף, דו מזיק, דו!

ב ע ר ע ל ע : (וויינט)

נ ח מ ה ' ק ע : (אָפּגעגלאָפּען צום בעט) נו, שאַ, שאַ. בערעלע. סט'אויך געהן אויפ'ן אויוועז?

ב ע ר ע ל ע : (צוצויגען) יאַ—אַ—אַ... (וויינט)

נ ח מ ה ' ק ע : (נעמט אים אויף די הענט, טראָגט אים אַרויף אויפן אויוועז, טוט אים אויס, איינגעמענדיג) נו, שאַ שאַ. בערעלע, וועט דיר די באַביצע עפּעס ברייגנגען: אַזאַ שעהנס. אַ גוטס.

ב ע ר ע ל ע : (נאָך אַלץ דורך געוויין) וואָס זי „ביינדען"?

נ ח מ ה ' ק ע : (שטיפעריש) אַ, זי וועט ברייגנגען — אַ שפּיץ פון אַ קלויסטער; אַ פּיסטערן לאַשעקיל; אַ קלינג פון אַ גלעקעלע און אַ סקריפּ פון אַ טויער...

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (זיך אויפזעצענדיג) מיר אויך?

נ ח מ ה ' ק ע : יאַ, אייך ביידען. וועט איר זיך ביידע אויפזעצען אויף די לאַשעקלעך און איר וועט פאָרען, פאָרען... אזוי פאָרען — אַז סכנות! און אזוי קלינגען, קלינגען — אַ!

ב ע ר ע ל ע : (גדולה'דיג) יאַ?

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (נאָך אַ טראַכט) און מיטן שפּיץ פון קלויסטער וואָס טאָן?

נ ח מ ה ' ק ע : (דורך אַ געמאַכטער שטרענגקייט) דאָס וועט איר באַהאַלטען.

ב ע ר ע ל ע : (זעהר נייגעריג) און אַ לאַד פון „ביידעל" אויך „ביינדען"?

נ ח מ ה ' ק ע : אַ, דאָס דאַרפט איר ניט.

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (ניט גלויבעריש) אָבער ווען שוין די באַביצע „בריינדען"?

נ ח מ ה ' ק ע : ווען איר וועט אויפשטעהן... ווען איר וועט אויפשטעהן... יאָ, יאָ...

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (דער לעצטער אין די רייד) אַ „לידען", אַ „לידען", „בעעלע"! זי נאָ'ט אונז אָפּ!

נ ח מ ה ' ק ע : (מיט אַ שטרייכנגען פינגער) זי'ט בריינ־נען, דו מזיק, דו!

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (זיך אויפכאַפּענדיג אויף די פיסלעך. לצנות'דיג) אַ „לידען", אַ „לידען"!

נ ח מ ה ' ק ע : (איינגעמענדיג מיט אַ צערטליכער האַנט) נו, שאַט, גענוג! אַט געהט דער טאַטע וועט ער אייך גיבען אַ קאָ־מאַנדעווען!

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : וואָס נאָ'סטו אונז אָפּ, וואָס?

נ ח מ ה ' ק ע : וועלוועלע, וועלוועלע! מזיק'ל! זיך שוין צוהוליעט?

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : נאָ' ניט אָפּ!

נ ח מ ה ' ק ע : נו, שויז, שויז, שאַ: דערצעהלען דעם טאַטען. דער טאַטע האָט ליב אז סע שאַ, שטיל. מ'טאָר ניט קאָמאַנדעווען.

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (ווערט אנטשוויגען אומצופריעדן, נורעט זיך איין)

נ ח מ ה ' ק ע : (צודעקענדיג די קינדער) אַט אַזוי, שלאָפט.

(אָב פון אויוועז, נעמט זיך ווידער פרעסען, זינגט זיך אונטער שטיל און טרויריג, ווי זי וואָלט פון עפּעס טראַכטען. — פון דרויסען צו־טראָגט זיך דאָס בילען פון הונט און אַ רגע שפּעטער אַ שטילער פייף. אָב ווי אויף פליגעל מיט אַ שמייכעל פון באַגייסטערונג. פּאוזע)

ב ע נ ד ע ט, פ ע ט ק ע, נ ח מ ה ' ק ע : (קומען אַריין כמעט ווי אויף די שפּיץ פינגער)

נ ח מ ה ' ק ע : ששש!... (אַ קוק צו עטלען, זעהר שטיל) די מאַמע שלאָפט. (נעמט זיך פּרעסען)

ב ע נ ד ע ט : (בלייבט שטעהן ביים אויווען, בלויז די אויגען אָנגעשטעלט האַרציג צום בעט, קוים וואָס ער שעפּטשעט) זאָל זי שלאָפען. (הנאה'דיג) אַבי „ער" איז נאָך ניטאָ; איי גוט.

נ ח מ ה ' ק ע : (אין אַ האַלבען טאָן, האַלב פאַרזאָרגט) אַבער אַז ער'ט באַלד אָנקומען?

ב ע נ ד ע ט : (איין ערגערנדיגען קלער... פעסט) נו, ט'ער זיין. זאָל ער קומען... (שפּאַסיג) אַז ער'ט מיך וועלען שלאָגען וועסטו זיך אָננעמען, אַ יאָ? (געהט צו צו נחמה'קען, שטיפּט מיט איר אַ ווײַלע ברודערליך. אָב צוריק צום אויווען.) יאָ, פּעטקע! האָסט זי ליב די קליינע, אָבער ניט אומזיסט.

פ ע ט ק ע : נו, נחמה'קען וועט יעדערער ליב האָבען, וויל זי ליבט אויך יעדען.

ב ע נ ד ע ט : אַ, ליבט שוין צופיל... אָט שטעהט זי דאָרט איבער די פרעמדע שמאַטעס, בויגט זיך און קרימט איר נאַקען, אַ סך וועט זי האָבען דערפון?... דעם טאַטען'ס טאָכ-טער מיט די ביינער...

נ ח מ ה ' ק ע : וואָסע, וואָסע, און אַז דעם „טאַטען'ס טאָכטער" איז וואָס? דו...

ב ע נ ד ע ט : שאַ, שאַ... איך טאָר ניט זאָגען... — וואו זיינען בעסער דאָס קליינוואַרג? אהאַ, אויפ'ן אויווען... (קריכט ארויף שפּילט זיך דאָרט מיט זיי)

נ ח מ ה ' ק ע : (נאָך אַ פּאַוזע, צו פּעטקען) אין דרויסען אַזאַ איבערקערעניש און איר קומט.

פ ע ט ק ע : נו, וואָס איז דאָרט, אַ זאַווערוכע, אַ שנעע? און ווען ס'זאָל רעגענען מיט פייער וואָלט איך דען ניט קומען? (זינגט שטיל און פאַר'חלום'ט)

„מיט'ן וואַסער וועל איך צו דיר שווימען" — —

נ ח מ ה ' ק ע : (אָב צום אויווען) האָב איך פאַר אייך אַ הייסע קאַרטאָפליע!

פ ע ט ק ע : (מיט א שמייכעל פון א פארליבטען) און נאך אז „אמעריקאנקע“ אויך מסתמא, א? (טרעט צו צו איר נעהענטער מיט לאנגזאמע טריט)

ב ע נ ד ע ט : (מער אפארט, אונטער דער נאז, איבערקרי־ מענדיג) קארטאפליעס, קארטאפליעס! נור קארטאפליעס!...

נ ח מ ה ׳ ק ע : (בתוכם צו פעטקען, פארזעצענדיג שפילעריש) ווייך ווי א פוטער און זיס —

פ ע ט ק ע : (אונטערכאפענדיג, באגייסטערט) ווי איר, א?... (קוקט אויף איר א רגע פארטרוימט, שטעלט ארויף א פוס אויפ׳ן בענקעל ביים אויווען, קוקט א ווייַלע פארטראכט דארט אויף די פלאַ־ מען, פירט איבער צולעצט א פארליבטען בליק אויף דער שפילענדיגער צניעות׳דיגער רויטקייט אויף נחמה׳קעס פנים; אום עפעס צו שמועסען) ברענט שעהן אין אויווען... (שפילט זיך מיט אירע האר)

נ ח מ ה ׳ ק ע : (דורך א שטיפערשען שמייכעל) אז סע בלאזט שטארק אין דרויסען מוז ברענען שעהן אין אויווען.

פ ע ט ק ע : (פארקלערט זיך א רגע, מיט געדאנק) אבער ווען מ׳האט ניט קיין האלץ דאס פייער אין אויווען אויפצוהאלטען סע זאל ברענען שעהן?

נ ח ה ׳ ק ע : (א קורצען טראכט, ערנסט, מיט אמאל) וואס מיינט איר?

פ ע ט ק ע : (ניט באלד) איך מיין... (ווי זיך ארויסדרע־ הענדיג) נו, אט, איך מיין... (אום איבערצוריַיסען דעם געשפרעך דורך א געצוואונגענעם געלעכטער) איך ווייס וואס איך מיין?... (צולאכט זיך פריי אום דאס פריעריגע אינגאנצען מבטל מאכען)

נ ח מ ה ׳ ק ע : (הומאריסיטש) אוי, זענט איר שעהן ווען איר לאכט! לאכט, לאכט; לאכט נאך אביסעלע.

פ ע ט ק ע : (געשמייכעלט) נאך וואס?

נ ח מ ה ׳ ק ע : (הארציג) איך האב ליב זעהן ווען מע לאכט.

פ ע ט ק ע : (דורך א ווייכער איראני) יא, ניט אלע לאכען אבער גלייך.

נ ח מ ה ׳ ק ע : (ווי זיך ארויסכאפענדיג) אבער אז איר לאכט האב איך ליב. (פארוויטעלט זיך נאך מער)

פ ע ט ק ע : (האַלב באַטאָנענדיג) אַז איר וועט וועלען וועל איך שטענדיג לאַכען. (נעמט זי צאַרט ארום)

נ ח מ ה ׳ ק ע : (מיט די בליקען אין אויוועז) אַז איך׳ל וועלען?

פ ע ט ק ע : (שפילעוודיג) יאָ, אַז א י ר וועט וועלען... (לאָזט זיך זי קושען)

נ ח מ ה ׳ ק ע : (רייסט אָפּ די בליקען פון אויוועז, שטעלט זיי אָן אויף אים, ווערט זיך לייכט, מער אין שפּאַס) איך בין אַ כלה...

פ ע ט ק ע : (האַלב ערנסט) ל׳איך מער ניט לאַכען.

נ ח מ ה ׳ ק ע : (מיט אַ ברייטען, ליבען שמייכעל) איר׳ט יאָ לאַכען.

פ ע ט ק ע : (אין אַ געענדערטען טאָן — דורך אַ ווייכער שטיפעריי) איך׳ל ניט.

נ ח מ ה ׳ ק ע : (אין אַ מילדער רייצעריי) איר׳ט יאָ!

פ ע ט ק ע : (טוט זי האַסטיג אַ האַרציגען קוש)

נ ח מ ה ׳ ק ע : (אַ טרעט אָפּ אין צוטומלעניש, שפּאַסיג) גנב!

פ ע ט ק ע : (ערנסט) נחמה׳קע!... (פילט זיך באַלייד־דיגט)

נ ח מ ה ׳ ק ע : (בלייבט שטעהן אַ רגע עטוואָס חרטה׳דיג, אין אַ טאָן פון באַרוהיגקייט) אַ, פּעטקע, פּעטקע... (לייגט אַרויף צאַרט איר האַנט אויף זיין אַקסעל, נאָכהער אויף זיין קאָפּ, גלעט זיינע האָר)

פ ע ט ק ע : וואָס... (ווי זיך ארויסכאַפּענדיג) וואָס האָסטו געזאָגט!

נ ח מ ה ׳ ק ע : (מיטפילענדיג) אָבער איך האָב דאָך דאָס ניט געמיינט... (קושט אים צערטליך)

פ ע ט ק ע : דו ווייסט, עס טוט מיר וועה.

נ ח מ ה ׳ ק ע : אָבער איך האָב דאָך געזאָגט אויף קאַ־טאָוועס.

פ ע ט ק ע : „קאַטאָוועס“... וואָס ווייסט דער אויער פון קאַטאָוועס?

נ ח מ ה ׳ ק ע : (האַרציג) נו, ל׳איך שוין מער ניט. —

בענדעט: (שנעל און שפּאַסיג) נחמה׳קע, נחמה׳קע, דער זאַפּאַר „לויפט“! דער זאַפּאַר לויפט! „מאַך צו די טיר“!

נחמה׳קע: שאַ, שאַ, די מאַמע שלאָפט דאָך! — טו אַ בלאָז וועט ער אויפהערן.

בענדעט: אַ, בלאָזען העלפט ניט און איינשמירען זיך וויל איך ניט.

נחמה׳קע: נעם מיט׳ן פּאַלאַנעק.

בענדעט: איך וויל ניט, גערה אַליין. וואָס בין איך עפּעס אַ אידענע — האָבען צו טאָן מיט זאַפּאַר... (קריכט אַרונטער)

נחמה׳קע: (ברוגז׳ליך) נור גרינגע לעבערליך!...
(טרעט צו צום אויוועז, שטעהט דאָרט אַ ווײַלע, טוט עפּעס, אָב צור־עצט צום טיש, נעמט זיך פּרעסען)

בענדעט: (מאַרשירט זיך דורך אַ פאַרטראַכטער הין־און הער, ווי דערמאָנענדיג לויפט ער צו צום פענסטער. הויכט אַ ווײַלע אויף די שויבען, קוקט אין זיי אַ צײַט)

פּעטקע: (שטעהט לעבען אויוועז, פאַררויכערט, טראַכט. פּאוזע)

בענדעט: (טרעט צו צו פּעטקען, מיט דער האַנט אויף זיין אַקסעל, שטיל) נו, ברודער, וואָס האָסטו עפּעס אויסגע־טראַכט? זאָג, ביזטו נאָך אונזערער? אויב ניט, וועלען מיר דיך ניט צווינגען; מיר דאַרפען ניט קיין געצוואונגענע. ווער עס איז מיט אונז מוז זיין פרייוויליג און איבערגעגיבען צו זיין אַרבייט, פאַרשטעהסט? וואָס זשע דענקסטו צו טאָן אַצינד, נאָך דעם וואָס דו האָסט מיר געזאָגט אַז דו ציסט זיך אַרוים? אָבער ניט געעקעט.

פּעטקע (טראַכט אַ רגע, געצוואונגען) יאָ, בענדעט, איך האָב נאָכגעדענקט וועגען דעם וואָס מיר האָבען גערעדט... איך האָב באַשלאָסען היינט, צום לעצטען מאָל, נאָך זיין אייערער.

בענדעט: אָט אַזוי! גיב דיין האַנט! ביזט אַ בלאָטער יונג, איך האָב דיך ליב. רעדסט וואָס דו פילסט. אַזעלכע זיי־נען וועניג. איצט הער אוים: דאָס איינציגע וואָס דו האָסט צו טאָן — איז אַריבערגעהן צו חייקלען און וואָר־אַרימער זעהן אַז

דו זאָלסט זיך דאָרט מאַכען אַ סידעלע, פאַרשטעהסט? איך פאַר־
לאָז זיך שוין אויף דיר; ווען דו ווילסט — קאָנסטו. ביזט אַ
„פוילע קאַץ" ווען דו ווילסט ניט, נור ווילסטו — ביזטו דער
פעהיגסטער. — אַלזאָ, אַלזאָ, דו מוזט דאָרט בלייבען אין הויז
און אונז מאַכען וועג. דאָס אַלעס. (עס דערהערט זיך פון דרויסען
אַ פייף און צעלעצט אַ געביל) זיי זיינען דאָ! — הייסט דאָס?

פ ע ט ק ע : ווי איך האָב געזאָגט: נאָך היינט. — אָבער
יאָ, בענדעט, וואָס איך וויל איז — מזומן; ווייל דאָס איז
דאָס איינציגע וואָרום איך געה היינט.

ב ע נ ד ע ט : (אַ קנייטש) מזומן?... (וואויל־יונגעריש)
נו יאָ! נחמה'קע איז מיין שוועסטער און דו — איר געליב־
טער, — מזומן איז מזומן. (האַסטיג אָב)

פ ע ט ק ע (בלייבט שטעהן אין אַ ערגערנדיגען נאָכדענקען,
פאַרדראָסיג, אַפאַרט) אַ, די וויסטע מטבע, די וויסטע מטבע!...
(וואַרפט אַריין זיין שטיקעל פאַפּירוס אין אויוועז, פאַררויכערט
האַסטיג אַ צוווייטען, לאָזט זיך ברויזענדיג הין־און־הער, ווידער־
האָלט) מם, די וויסטע מטבע!... (פּאוזע)

נ ח מ ה ' ק ע : קום 'הער, פעטקע!

פ ע ט ק ע : (טרעט צו, צווינגט זיך צו האַלטען רוהיג)

נ ח מ ה ' ק ע : געפעלט דיר עפּעס אָט דאָס קאָפּטעלע?
דאָס איז מיינס.

פ ע ט ק ע : ווייל ס'איז דיינס געפעלט דאָס מיר.

נ ח מ ה ' ק ע : ווייסט, איך געה היינט צו חייקלען אויף
דער חתונה. היינט ביי זיין מאַשקען דאָס חתן־מאָל.

פ ע ט ק ע : וואָס וועסטו דאָרטען טאָן?

נ ח מ ה ' ק ע : (פאַרוואונדערט) וואָס טאָן? וואָס
טוט מען אויף אַ חתונה? מע טאַנצט.

פ ע ט ק ע : (עטוואָס שמערצליך) יאָ, ניט אַלע טאַנצען
אָבער, נחמה'קע.

נ ח מ ה ' ק ע : (האַלב ברוגז'ליך) אַ, געה... איך'ל יאָ
טאַנצען! איך קאָן טאַנצען.

פ ע ט ק ע : (דורך אַ שטילען ברויז) דיין טאַנצען איז
אָבער ניט גענוג זאָלסט קאָנען קומען צו אַזעלכע „צאַפּעס".

נ ח מ ה ' ק ע : א, כ'בין אויף דיר ברוגז. כ'וועל געהן אויף דער חתונה און וועל טאַנצען דיר מיט דער מאַמען אויף אױ־להכעיס!

פ ע ט ק ע : (גוטשמעכלענדיג) ביזט אויף מיר ברוגז?

נ ח מ ה ' ק ע : יאַ!

פ ע ט ק ע : וועל איך דיך איבערבעטען. (לאָזט זיך זי אַרומנעמען)

נ ח מ ה ' ק ע : (אין אַ שפּאַסיגען ערנסט) געה, איך בין ברוגז; נור איר דערצעלט מיר אזעלכע מעשיות...

פ ע ט ק ע : (ווי זיך דערמאָנענדיג, מיט התפעלות) אוי, שאַ! גאַר פאַרגעסען; אוי האַב איך דיר עפּעס געבראַכט!

נ ח מ ה ' ק ע : (שמעכלענדיג) וואַס?

פ ע ט ק ע : (גליקזעליג) טרעף.

נ ח מ ה ' ק ע : (אויך אַזוי) א — א — קעמעלע?

פ ע ט ק ע : ניין.

נ ח מ ה ' ק ע : אַ שפּילקע?

פ ע ט ק ע : אויך ניט.

נ ח מ ה ' ק ע : א — א — א... כ'ווייס ניט וואַס. זאָג.

פ ע ט ק ע : (מיט'ן זעלבען פריערדיגען אויסדרוק) אַ ביי־טשעל קרעלען!

נ ח מ ה ' ק ע : (אַפּגעקילט) קרעלען?... דאַס וויל איך ניט.

פ ע ט ק ע : (געקרענקט) וואַרום?

נ ח מ ה ' ק ע : (אויך אַזוי) וו — ווייל... נו, וואַרום ווילט איר וויסען — וואַרום?

פ ע ט ק ע : אַ, זאָג מיר ניט „איר“.

נ ח מ ה ' ק ע : (זיך דרעהענדיג) נו גוט... אַבער פרעג מיך ניט וואַרום.

פ ע ט ק ע : האַסט מורא דער טאַטע וועט שרייען, א?

נ ח מ ה ' ק ע : נו אודאי וועט ער שרייען... (ליידענ־דיג, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגען) איך בין דאָך אַ — אַ כלה און...

פ ע ט ק ע : (אויפכאַפּענדיג) אהאַ, איך ווייס, איך

זיים; איך ווייס וואָס דו מיינסט... (פּעסט) ס'אָבער ניט דאָס; דאָס האָב איך פאַר מיין א י י ג ע ן געלט געקויפט! פאַר מ י י ן א י י ג ע ן געלט, איך שווער דיר. איך האָב דיר געזאָגט כ'וועל שוין מער ניט (ווי צווישען די ציין) וועל איך שוין מער ניט... (אָב פון איר אויף אַ זייט, מאַרשירט פאַר־דראָסיג און געערגערט. קורצע פּאַוזע. טרעט צו צו איר שמערצ־ליך און נאָכדענקענדיג, ווי צושטרייענדיג און דורך געפּאַסטען מוט) ווייסט, נחמה'קע, איך וועל היינט רעדען מיט דיין טאַטען.

נ ח מ ה ' ק ע : (ווי אָפּגעבריט) ניין, ניין! איך וויל ניט, איך וויל ניט: ער וועט דיך ניט הערען. זאָל ער אפילו ניט וויסען אַז דו ביזט געווען דאָ.

פּ ע ט ק ע : (ווייך, האַרציג) אָבער אַז איך וועל אים שווערען כ'וועל שוין מער ניט...

נ ח מ ה ' ק ע : (זיך מאַטערנדיג) ניין, ניין, ניין; ער וועט דיך ניט הערען, ער וועט דיר ניט גלויבען; און צו דעם בין איך דאָך שוין אַ כלה, וואָס קאָנסטו אים זאָגען? — ניין, ניין, איך וויל ניט, איך וויל ניט; איך האָב מורא. זאָל ער אפילו ניט וויסען פון עפּעס.

פּ ע ט ק ע : (איבערלעבענדיג) אַ, זיי ניט קיין נאַר. איך'ל אים פּאַוואָלינקע דערצעלען ווי אַזוי מירביידע האָבען זיך ליב און ווי אַזוי צוליב דיר בין איך געוואָרען אויס... (שמערצליך) נו, אויס... ווייסט דאָך שוין וואָס.

נ ח מ ה ' ק ע : (ווי פריער) ניין, ניין, פּעטקע. זאָלסט דאָס ניט טאָן, זאָלסט דאָס ניט טאָן, דו הערסט! איך קאָן מיין טאַטען בעסער.

פּ ע ט ק ע : אָבער נחמה'קע...

נ ח מ ה ' ק ע : פּעטקע! אַז איך זאָג ווייס איך וואָס איך זאָג. איך זאָג ניין — זאָל זיין ניין.

פּ ע ט ק ע : נו גוט, איז ניין. אָבער די קרעלען נעם. איך שוועד דיר איך האָב זיי געקויפט פאַר מ י י ן א י י ג ע ן געלט.

נ ח מ ה ' ק ע : (קוקט אים אַ רגע אין די אויגען) נו גוט, פּעטקע, איך גלויב דיר. אַז ד ו זאָגסט — גלויב איך דיר.

(נעמט זיי דעליקאַט, טוט זיי אָן. מיט אַ פאַרגעסענדיגען גליק־ליכען שמעכיל) פּאַסט מיר?

פּ ע ט ק ע : (ענטציקט) ווי אַ פּרינצעסין!

נ ח מ ה ' ק ע : (שיינענדיג) כ'וועל זיי אָנטאָן צום חתן־מאָל, יאַ?

פּ ע ט ק ע : (באַגייסטערט) וואָרום דען ניט? דאַרפסט זיך מיט זיי ניט שעמען. גאָט מיינער! וועסט דאָך זיין דאָרט די שענסטע און די בעסטע געווים! (פאַרטרוימט, נשמה'דיג) אַך, ווי איך וואָלט אויך וועלען זיין דאָרט; אָבער טאַקע זיין דאָרט אַלס אַ ג ל י י כ ע ר מחותן מיט זיי!... (אַ סקריפּ אונטער דער טיר)

נ ח מ ה ' ק ע : (אויפשוידערנדיג, מיט די הענט אויף די קרעלען) דער טאַטע! באַהאַלט זיך!

פּ ע ט ק ע : (אַ לייג צו מיטן אויער צו דער טיר) זיי רוהיג, טייערע, ס'ניט דער טאַטע; ס'איז בענדעט מיט נאָך עמיצען... מיט...

ב ע נ ד ע ט, אַ ל ט ע ר ו ו אַ ר ע נ י ק, י ו נ ג ע ר ו ו אַ ר ע נ י ק, ב י י ז ע ר ו ו אַ ל ף, מ י ק י ט אַ פּ ע ל ץ : (קומען אַריין; עס לאָזען זיך אַריינקומען נאָך אַפּאָר. אַלע פאַרבלאָזענע, פאַרפרוירענע. טראָגען אַריין מיט זיך די קעלט מיטן פראָסט פון דרויסען)

ב ע נ ד ע ט : (צו די לעצטע) נייַן, נייַן, צו פיל טומעל: די מאַמע שלאָפט.

ג ד ל י ה ו ו ו אַ ר ע נ י ק : וואַרט צו אין דרויסען. מיר קומען באַלד אַרויס.

— : אין דרויסען!

— : אויף אַזאַ ברענענדיגען פראָסט!

ב ע נ ד ע ט : נו גוט, קומט אַריין און מאַכט צו די טיר; נור אָן טומעל. (קומען אַריין, שטעהען אויף אַ זייט)

י ו נ ג ע ר ו ו אַ ר ע נ י ק : (בתוכם) און די פוילע קאַץ איז אויך דאַ.

ב י י ז ע ר ו ו אַ ל ף : אַ הונט און אַ קאַץ האַלטען זיך שטענדיג לעבען אַ יאַטקע.

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : נו, דערויף זענט איר גלייך: דו האסט דען פיינט „פלייש“?

ב י י ז ע ר  ו ו א ל ף : איך? יא, אבער לעבעדיגס. ווען איך עס דאס; קוקען דערויף האב איך פיינט; און א קאץ, א פוילע קאץ, אזעלכע ווי ער (פעטקע), שטעלט זיך צו־פרידען באדאי מיט א שמעק, מיט א לעק. — וואלט איך שוין אזא „שטיקעל פלייש“ (מיט אן אייגעל אויף נחמה׳קען) דורכ־געלאזט?

ב ע נ ד ע ט : (אונטערגעצינדען) עי, עי! האלט נור איין דיין צונג, דו בייזער וואלף, דו בייזע חיה דו! ווייסט וואו דו ביזט? דאס איז מיין שוועסטער!

ב י י ז ע ר  ו ו א ל ף : (מבולבל׳דיג) א, אזוי זשע זאג. דאן זאל מיר נאך אזוי מיין מויל שטעהן קרום ווי מיינע ציין, ווען איך זאל נאך עפעס א שלעכטס זאגען. איין וואלף דעם צווייטען עסט ניט; אמת.

פ ע ט ק ע : (כמעט ווי איינצייטיג, צו נחמה׳קען, אנצייי־גענדיג פון ווייטען, אין א האלבען טאן) יענער מיטן קורצן לייי־בעל און רויטע גארטעל, איז דער „בייזער וואלף“; דער אנדערער אין שמויסענעם היטעל, איז דער אלטער ווארעניק.

נ ח מ ה ׳ ק ע : (אויפכאפענדיג) ווארעניק? אפשר הייסט ער — גדליהו?

פ ע ט ק ע : יא. וואס איז?

נ ח מ ה ׳ ק ע : (דורך א שמייכעלע) גאר ניט, גארניט... נו, און די איבעריגע? (קוקט זיך איין אין גדליהו׳ן מיט נייי־געריגקייט)

פ ע ט ק ע : און יענער, אין גרויען אויפגעשטעלטען היי־טעל, איז דער יונגער ווארעניק.

נ ח מ ה ׳ ק ע : זיין זון?

פ ע ט ק ע : יא. און יענער, מיט׳ן פעלץ, הייסט טאקע אזוי: מיקיטא פעלץ.

נ ח מ ה ׳ ק ע : (לעבהאפט) וואס איז ער, א גוי?

פ ע ט ק ע : יא, אבער א גוטער שגץ. אזוי ווי זיין פעלץ אזוי איז זיין הארץ. אלע בלאטע יונגען.

נ ח מ ה ׳ ק ע : (אויפגעטרייסעלט) וואס? בלאטע יונ־גען? גנבים? אהער זיי געבראכט...

פ ע ט ק ע : זיינען דא פארבייגעפארען... (ווייסט אליין ניט וואס איר צו ענטפערען)

נ ח מ ה ׳ ק ע : אוי, גאט! דער טאטע זאל באטש ניט אנקומען... (טוט איר ארבייט נערוועאיש)

מ י ק י ט א פ ע ל ץ : (איינצייטיג, מיט א וואונק צו די איבריגע אויף נחמה׳קען) א „פיין פעלצעל"... (לאכען, רעדען שטיל)

ג ד ל י ה ו ו ו א ר ע נ י ק : (בתוכם, צו בענדעטען) וואס זאגט די „פוילע קאץ", נאך מיט אונז?

ב ע נ ד ע ט : (שטיל) נאר אויף היינטיגער נאכט. ער וועט שוין מאכען וועג. שוין מיט אים גערעדט. (צו די איבריגע) און איר זאלט צוקומען פונקט אום צוועלף צום קרומען.

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : (צו בענדעטען) ווייסט שוין ווער סע קלאפט דארט?

ב ע נ ד ע ט : וואס געהט דאס מיך אן!

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : נו, מיין ניט, פון א גוטען פאס־טעך איז שווער עפעס צו נאשען.

ב ע נ ד ע ט (פעסט) אפילו ווען מיין אייגענער באטקא זאל דארט זיין!

מ י ק י ט א פ ע ל ץ : גערעכט! מיטן פעלץ איבערן קאפ און — באסטא!

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף: הער נור, „בענעדעק"! דו גע־דענקסט וואס איך האב דיר נעכטען געזאגט?

ב ע נ ד ע ט : וואס? וועגען... א, איך געדענק, אבער ניט איצט איז די צייט צו רעדען דערפון. דארט,ביים „קרומען" וועלען מיר זיך נאך דורכשמועסען.

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף: איך זאג דיר ווידער, „בענעדעק", אז לייגגער דא, אויף שטאט, וויל איך ניט זיין. לאמיר אלע אוועק אין וואלד אריין, צום טייפעל! דארטען, עפעס וואס, אריין צווישען די ביימער, אין די נארעס אריין — און אוים!

נ ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : דעם וואָלף שמעקט דער וואַלד.

ב י י ז ע ר  ו ו אָ ל ף : און דעם ווארעניק דער טאַפּ!

— אָבער ניט איך! ניין, איך וועל דאָ לייענגער ניט בלייבן. איך זאָג דיר „בענעדעק", ווידער —

ב ע נ ד ע ט : אָבער איך בין דאָך נאָך ניט אינגאַנצען. מ'דאַרף דאָך נאָך די איבעריגע אויך פרעגען.

ב י י ז ע ר  ו ו אָ ל ף : (אַגיטירענדיג, מיט פייער) אַ, דו ביזט אַטאַמאַן! דו ביזט — זיי! אַז דו וועסט וועלען וועלען זיי זיך אויך ניט אָפּזאָגען. דאָ איז ניטאָ גאָרניט וואָס צו טאָן. אָט, אָט דאָרט, אויף די פעלדער, פּאָקראַיניעי מיעריע איז דאָ וואָס אַ נאַש צו טאָן. דורכגעלאָפען אַ שעפּסעל — צוגעלאָפען. אַ כאַפּ פאַרן פונאַונטען — און איידאָ אין וואַלד אַריין! — אַ, וואָס זאָגט איר? (צו די אַנדערע) וואָס שטעהט איר ווי די ציגען!

— : מיר האָבען ווער סע זאָל זאָגען פאַר אונז.

— : מירן הערען וואָס זאָגט דער אַטאַמאַן.

ב י י ז ע ר  ו ו אָ ל ף : (צו בענדעטען) נו, אָט זעהסטו; זיי פאַרלאָזען זיך אויף דיר. פאָלג מיך, לאָמיר אַוועק. אָט דאָרט וועלען מיר מיט זיי לערנען בלק. (וואָס ווייטער מיט מער טעמ־פעראַמענט) אַזאַ חייקעל, פּאָקראַיניעי מיעריע, אַז ער פּאָפּאַדיעט זיך דאָרט, איז גלייך אויפ'ן שטעל: (מיט אַ לייבען־שטימע) עי...! ש—ט—ע—ל ז—י—ך אַ—פּ...!

ב ע נ ד ע ט : (צוטראָגען) צום טייפעל מיט דיין געמבע!

נ ח מ ה ' ק ע : (ברוגזענדיג) וואָס פאַר געשרייען!

ע ט ע ל : (ווארפט זיך דורך, מיט בלאָנדזשענדיגע, האַלב־צושראָקענע בליקען) נחמה'קעלע!...

נ ח מ ה ' ק ע : זיי רוהיג, מאַמעניו... (לויפט צו צו איר)

ע ט ע ל : וואָס אי' דאָ, ווער אי' דאָרט?

ב ע נ ד ע ט : (אונטערלויפענדיג) ס'איז גאָרניט, גאָרניט, מאַמעניו.

ע ט ע ל : דו, מיין זון?

ב ע נ ד ע ט : (מיט די הענט אַרום איר פּנים) יאָ, מאַ־מעניו.

ע ט ע ל : ווער זשע האָט דאָס געשריגען, מיין קינד?

ב ע נ ד ע ט : אָ, ס'איז גאָרניט, מאַמעניו, זיי רוהיג... אפאַר מענשען זיינען זיך אריינגעגאַנגען אָנוואַרימען...

נ ח מ ה ' ק ע : (צו בענדעטען, בייז) מעגסט זיך שע־מען! אהער ברייגנסטו זיי!

ב ע נ ד ע ט : (פאַרשווייגט איר ניט גערן, צו די איב־ריגע) וואַרפט אייך שוין אַרויס פון דאַנעט, שנעל!

ב י י ז ע ר ו ו אָ ל ף : (לאָזט זיך צו עטלען)

ב ע נ ד ע ט : (פאַרשטעלענדיג דעם וועג, מיט צושפּרייטע הענט) וואוהין איז, דו בייזער וואָלף, דו!

ב י י ז ע ר ו ו אָ ל ף : כ'געה איבערבעטען דיין מאַמען.

ב ע נ ד ע ט (דורך אַ ווייכער שטרענגקייט) כ'היים ניט! (האַלט אים אָפּ)

ב י י ז ע ר ו ו אָ ל ף : (רייסט זיך אויס, אַ צעוואָרעמ־טער) איך מוז זי איבערבעטען. אַ מענשען פון שלאָף אויפצוואַ־וועקען איז ערגער ווי אים אַ ריפּ אָפּצורייסען! (טרעט צו מיט געלאַסענע טריט צו עטלען, הדרת־כבוד'יג) אַ גוט אָוונט אייך, אַלטיטשקע... איך וואונשע אייך געזונט...

ע ט ע ל : (ווייך) דאָס האָט איר געשריגען? מיך פון שלאָף אויפגעוועקט. איך בין קראַנק.

ב י י ז ע ר ו ו אָ ל ף : (גערירט) אָ, איך בעט אייער ענטשולדיגונג... איר וועט מיר פערצייהען, איאָ? גוטע מענשען זיינען שטענדיג מוחל. (שטרעקט איר זיין האַנט) ענטשולדיגט...

ע ט ע ל : מילא, כ'בין אייך מוחל; (דערלאַנגט אים איר האַנט) אָבער געהט אייך געזונטערהייד. איך מוז האָבען רו.

ב י י ז ע ר ו ו אָ ל ף : יאָ, אמת; גוטע מענשען טאָר מען ניט שטערען. זיי דאַרפען רוהען. איר האָט רעכט. אַ גוטע נאַכט, אַ גוטע נאַכט. (דורך אַ טיפער פאַרנויגונג) זייט געזונט. (צו די איבירגע, האַסטיג) קומט, קומט! (לאָזען זיך אַלע אַוועק־געהן)

ג ד ל י ה ו ו ו אָ ר ע נ י ק : (איז געשטאַנען פאַר דער

לעצטער צייט און זיך איינגעהערט געשפּאַנט צו עטעל'ס שטימע, און יעצט, ווען אַלע געהען ארויס, חוץ פּעטקען און נחמה'קען, — פאַר־גנב'עט ער זיך אויף אַ זייט, שטעהט דאָרט אַפּאָר רגע'ס ווי אַפּוואַר־טענדיג)

פּ ע ט ק ע, נ ח מ ה ' ק ע : (די צווייטע פּרעסט, דער ערשטער שטעהט לעבען איר ; פירען ביידע געמיטליך אין דער שטיל א געשפּרעך)

ג ד ל י ה ו ו ו א ר ע נ י ק : (טרעט צו צו עטלען אויף די שפּיץ פינגער ; שטיל, כמעט שעפּטשענדיג) אַ גוט אָוונט, עטעל!

ע ט ע ל : (קוקט זיך אַרום מיט וואונדערנדיגע בליקען) א גוט אָוונט, אַ גוט יאָר. ווער זענט איר?

ג ד ל י ה ו ו ו א ר ע נ י ק : (אָנבויגענדיג) דערקאַנסט מיך ניט?

ע ט ע ל : (הויבט זיך אויף פון קישען, קוקט אויף אים מיט אַ נייגעריגען שמייכיל) יאָ, עפּעס אַ קענטליכע שטימע.

נ ח מ ה ' ק ע, פּ ע ט ק ע : (קוקען זיך איבער מיט שטיפערישע בליקען, הערען זיך איין געשפּאַנט)

ג ד ל י ה ו ו ו א ר ע נ י ק : דערקאַנסטו ניט, עטעל, דעם אַלטען ווארעניק?

ע ט ע ל : (אויפגעלעבט) ג־ד־ל־י־ה־ו!... (קריכט אַרונטער פון בעט)

ג ד ל י ה ו ו ו א ר ע נ י ק : יאָ, עטעל ; גדליהו וואַ־רעניק! דער זעלבער גדליהו ווארעניק צו וועלכען דו פלייגסט זיך אַמאָל פאַר'גנב'ענען און נאָכדעם אויסכאַפּען די בעסטע פּעטש. געדענקסט?

ע ט ע ל : אויב איך געדענק... ערשט דאָ פריער געערדט דערפון... (שטעלט זיך אויף די פיס, שטרעקט אים וואַרעם די האַנט) וואָס זשע מאַכסטו, גדליהו?

ג ד ל י ה ו ו ו א ר ע נ י ק : אַט נאָך אַלץ דער זעלבער גדליהו ; אַזוי ווי איך בין געווען אַ גדליהו ווארעניק אַזוי בין איך געבליבען אַ גדליהו ווארעניק ; בלויז מיט אַ פּאָר צענדליג יאָר עלטער געוואָרען.

נ ח מ ה ׳ ק ע, פּ ע ט ק ע : (שמייכלען, רעדען צווישען זיך אין אַ באַלעבטער שטילקייט)

ע ט ע ל : האָסטו עפּעס קינדער, גדליהו?

ג ד ל י ה ו ו ו אַ ר ע נ י ק : איין אינגעל. דאָ ערשט געווען; שוין אַוועקגעגאַנגען. — און וואָס מאַכסטו?

ע ט ע ל : איך? (דורך אַ געקרענקטען שמייכעל) איך בין אויף צרות, גדליהו. שטענדיג צוגעבונדען צום בעט ווי אַ הינ־דעלע אויף אַ שטריק. יאָ, גדליהו, הערסטו, דאָס לעבען איז ווי דער קאַרגער: גיט און דערגיט ניט, שיינקט און האָט חרטה... איז אָט אַזוי: לאָזט דאָס נאָך — בין איך אַ מענש, וואָלט איך געפלויגען אין דער וועלט אַריין; און טוט דאָס אַ כאַפּ — דער־זעה איך פאַר זיך דעם מלאך־המות. אָך, ניטאָ וואָס צו רעדען... האָסט גליק, גדליהו, וואָס דו האָסט פאַר מיר ניט חתונה געהאַט; איצט וואָלסטו געהאַט אַ קראַנקע ווייב. האָסט עפּעס ליב אַ קראַנקע ווייב?

ג ד ל י ה ו ו ו אַ ר ע נ י ק : (פאַרשווייגט ווי ער וואָלט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. קורצע פּאַוזע)

ע ט ע ל : נו, און וואָס מאַכט דיינע?

ג ד ל י ה ו ו ו אַ ר ע נ י ק : מיינע — געשטאָרבען.

ע ט ע ל : געשטאָרבען?

ג ד ל י ה ו ו ו אַ ר ע נ י ק : יאָ, באַלד נאָך דער חתונה, נאָך׳ן ערשטען קינדבעט... מם, וויפיל וואַסערן סע זיינען שוין אַריבערגעלאָפען, וויפיל שטעט איך בין שוין אויסגעווען... נור אַמער דיין בענדעט וואוינט מיט מיר, מיר וואוינען אפילו רייך, און האָב גאָרניט געוואוסט אַז דו ביזט דאָס זיין מאַמע; איי־איי־איי... גראָדע האָט זיך יעצט געמאַכט, מיר זיינען דאָ פאַר־ביינעפאָרען האָבען מיר זיך דאָ אָפּגעשטעלט זעהן בענדעטען. נור ווען ניט דאָס, ווער ווייסט ווען איך וואָלט דיך שוין גע־זעהן... — און דאָס איז דיין טאָכטער?

ע ט ע ל : יאָ, אַ בת־יחידה. (קורצע פּאַוזע. ווי דערמאָ־נענדיג זיך, צוטראָגען) אַ... כוועל דיך בעטען, גדליהו, סט׳קומען אַנאַנדערם מאָל... איצט קאָן נאָך מיין אַלטער באַלד אַנקומען... ווייסט דאָך...

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : יאָ, יאָ, ביזט גערעכט... נור איד'ל שוין זיין דאָ. אַבי איך ווייס שוין. (שטיל) אפשר נאָך היינט ביינאַכט, יאָ? (דורך אַ באַהאַלטענער לצנות) דיין אַל־טער איז דאָך אַ סטאַראָזש... אַמאָל פלעגסטו זיך צו מיר פאַר'־גנב'ענען, און איצט וועל איך זיך צו דיר פאַר'גנב'ענען... זאָל איך קומען?

ע ט ע ל : (עטוואָס צומישט, ווי זי וואָלט זיך אַליין ניט קאָנען קאָנטראָלירען פאַר פרייד) יאָ... אָבער גיב אַכטונג...

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : (נעמט אַ באַגייסטערטער איר האַנט, קושט זי. — פאַרנויגט זיך צו נחמה'קען און צו פעטקען מיט אַ שמייכעל, אפאַרט) אַ פוילע קאַץ נור שלאָפט ניט. (אָב שנעל צו דער טיר מיט אויפגעלעבטע יונגע שפאַן)

ב ע נ ד ע ט : (אריין. באַגעגענט זיך מיט גדליהו'ן) ביזט נאָך דאָ? דאָרט פרעגען זיי זיך פאַר דיר.

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : איך גייה, איך גייה.

ב ע נ ד ע ט : אָבער געדענק: צוועלף אזייגער, ביים „קרומען".

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : און זאָל נור די „קאַץ" מאַכען „וועג". (אָב)

ע ט ע ל : (האָט זיך ביז אַהער פון ווייטען איינגעקוקט אין גדליהו'ן מיט אַ גליקליך שמייכעלע אויפ'ן פנים. — נאָך זיין אַוועקגעהן, נאָך אַ קורצער פאוזע, מיט אַ כאַפּ פאַר דער זייט) אוי!... שווער זיך צו האַלטען אויף די פיס, שווער... (לייגט זיך צוריק אין בעט אריין. אַ ווײַלע שפּעטער) נאָך ניטאָ דער טאַטע?

נ ח מ ה ' ק ע : ווייזט אויס געגאַנגען אָפּנעמען גרשונ'ען פון חדר.

ב ע נ ד ע ט : נו, וואָס מאַכסטו, מאַמעניו?

ע ט ע ל : וואָס זאָל איך מאַכען, מיין קינד; איך בין קראַנק. ווי אַזוי איך זאָל זיך ניט שטאַרקען — דאָס בעט ציט מיך צוריק אריין. — שוין לאַנג אַז דו ביזט דאָ?

ב ע נ ד ע ט : ניין, ניט לאַנג. יאָ, דאַכט זיך ערשט אריינגעקומען און דאָך דאַכט מיר אויס אַז איך בין שוין דאָ אַזוי לאַנג... אַז יעדע רגע איז ביי מיר דאָ אַ געציילטע.

ע ט ע ל : (אַנגעמענדיג פול מיט ליבע בענדעטען פאַר דער האַנט) וואָס פאַר מענשען, זונעניו, זיינען דאָס דאָ געוועזן?

ב ע נ ד ע ט : (זיך דרעהענדיג) נו, זיי האָבען זיך דאָ... נאָכגעפרעגט.

ע ט ע ל : (דורך אַ קלוגען שמייכעל) אַהאַ... אוי, דער טאַטע זאָל דיך כאַטש דאָ ניט טרעפען. ער וועט אָנקומען וועט זיין הימעל עפען זיך... — און דו, פעטקע, ביזט אויך דאָ?

פ ע ט ק ע : יאָ. אַ גוט אָוועגט אייך. גאַר פאַרגעסען. וואָס מאַכט איר עפּעס, נאָך אַלץ קראַנק?

ע ט ע ל : יאָ, מיין קינד. איי, מיין קינד, אַט אזוי, אַ קראַנקע האָב איך געלעבט און אַ קראַנקע, האָב איך מורא, וועל איך שוין שטאַרבען; שטאַרבען און גאַרניט האָבען פאַרזוכט פון לעבען חוץ צרות און נויט.

ב ע נ ד ע ט : אַ, רעד ניט אזוי, מאַמעניו: וועסט נאָך לעבען —

פ ע ט ק ע : איר מוזט נאָך לעבען. איך האָט נאָך קליינע קינדער.

ע ט ע ל : (דורך אַ שטאַרקען קרעכץ, זיך דרעהענדיג ווי אַ שלאַנג) איי, איי, מיין זייט! מיין זייט!... אוי!... — אַט אזוי לעב איך אויף דער וועלט, נו?

ב ע נ ד ע ט : (שטעהט אַ דערשלאָגענער. אַ טרויעריג שווייגען. אויפגעברויזט) מאַמעניו! ווילסט מיך פאָלגען — קום אַוועק פון דאַנעט!

ע ט ע ל : וואוהין, זונעניו, וואוהין, מיין קינד?

ב ע נ ד ע ט : צו אונז! איך באַוואויין עטליכע צימער־ען; שעהנע, ריינע. ביי אונז וועסטו דיר לעבען גוט. וועסט קריגן פון שענסטען און בעסטען. ביי אונז וועסטו זיך ניט אָפּ־מוטשען מיט קיין טרוקענער קאַרטאָפּליע און זיך ניט וואַלגערען אין אַזאַ ווייסטען קורין, ווי דאָ.

ע ט ע ל : נו, און די קינדער? נחמה׳קע? דער טאַטע?

ב ע נ ד ע ט : נחמה׳קען מיט די קינדער קאָן איך אויך נעמען צו זיך. איי, דער טאַטע? וועט ע ר דאך ניט וועלען און שטאַרק דאַרפען דאַרף איך אים אויך ניט. זאָל ער זיך

דאָ האַלטען ביי זיין הינטישער זעמליאַנקע און עסען — „ציבע־לעס מיט קאַרטאָפליעס“!

נ ח מ ה ׳ ק ע : (דורך אַ שאַרפער נאַטקע) וואָסע, וואָסע, וואָס קלאַפּסטו דאָרט ?!

ב ע נ ד ע ט : (ברוגז׳דיג) גאָרניט, גאָרניט... דעם „טאַטענס טאָכטער“ האָט זיך אָנגערופען! — (אַ קורץ אָנגע־צויגען שווייגען) מאַמע, פאָלג מיך.

ע ט ע ל : איי מיין קינד, מיין קינד... עט, רעדסט ווי אַ קינד... (זיפצט שווער אָפּ, פאַרשווייגט) — וואָס זאָל דאָס הייסען, נאָך ניטאָ דער טאַטע; דאַרף שוין זיין אַזוי שפּעט.

נ ח מ ה ׳ ק ע : (פאַרביסען) בעסער זאָל ער זיך שוין נאָך אַביסעל זאַמען איידער איצט אָנקומען. מ׳וואָלט דאָך גע־דאַרפט די שטוב אָפּטרעטען. (מיט אַ אויג אויף בענדעט׳ן) קומט מען זיך צונויף...

ב ע נ ד ע ט : (שמערצליך) יאָ!... איי, דער טאַטע, דער טאַטע... (דורך אַ מיטפילענדיגען פאַרדראָס) גלוסט זיך אים צו ארבייטען שווער ווי אַן אייזעל, ווערען אויסגעריסען, פאַר־פינסטערט, פאַרשוואַרצט און פאַרוואָגעלט; וואָלגערען זיך אַט דאָ אין אַ לעבעדיגען קבר!

נ ח מ ה ׳ ק ע : נו, אודאי, אַז מע וויל פ ר ע מ ד ס, ווי דער טאַטע זאָגט, ניט אָנרירען, נו...

ב ע נ ד ע ט : (פאַרביטערט) נו וואָס, „נו“! — „טאַ־טענס טאָכטער“ מיינע...

ע ט ע ל : שאַט, שאַט, קינדער, קריגט זיך ניט.

ב ע נ ד ע ט : (האַרציג) זיך ניט קריגען... (צו נחמה׳קען, שטורמיש) נאַ, קוק! (אַ כאַפּ אַ פּאָר זאַכען פון טיש, פון די וואָס ליגען אָנגעלייגט צום פּרעסען, האַלט זיי אין דער לופטען מיט אַ פאַרקוועטשטער האַנט, פול מיט האַס) זעהסט! זיידענע זעקעלעך. (אַ וואָרף אַוועק, כאַפּט אַ צווייטע זאַך) גנעשטיקטע העמדעלעך (ווידער אַ שליידער) און וואָס נאָך דאָרט און וויפיל (צואוואַרפּט אַ שטורמדיגער אַלעס איבערן טיש) און דו! וואָס האָסטו? וואָס פאַרמאָגסטו, ו ו אָ ס באַגערסטו ?! — אַ ק אָ ר ט אָ פּ ־ ל י ע ! . . . דאָס פּיסעל פון אַט דעם זעקעלע (כאַפּט דאָס

ווידער אונטער מיט אַ ברענענדיגען פייער) טרעט יעצט ערגעץ אויף פלוש און אויף פוך (אַ שליידער אַוועק דאָס זעקעלע, דעמאָנ־סטרירענדיג) און דיין פיסעלע אין וואַס — אין אויסגעקרימטע שיך!... יענע פיסעל טאַנצט יעצט ערגעץ אויף בעלער און דיין פיסעלע שטעקט אַט דאָ, אין דעם שטיקענדיגען רויך — און פרעסט! דאָס ברוסטעל פון אַט דעם געשטיקטען העמדעלע אָטעמט פריי און באַלזאַם ווערט דערויף געגאָסען פאַר וואויל־טאָג, און דיין ברוסטעלע — אונטער אַט דעם שמאַטעוואַטען קאַפּטעלע מיט לאַטעס אויסגעקווייטעלט, ווערט פאַרקאַרטשעט פאַר דער צייט און טריקענט וואָס ווייטער אַלץ מער און מער, אַ?

נ ח מ ה ׳ ק ע : (עטוואָס געשלאָגען) צו וועמען זשע האָס־טו טענות?

ב ע נ ד ע ט : (ברויזענדער און ברויזענדער) צו וועמען דענקסטו, צו גאָט? — ניין, צו דיר! צו איר (צו עטלען)! צום טאַטען!... (איבערקרימענדיג) „צו וועמען“... „פרעמדס, פרעמדס“! מם!... (מאַרשירט שטורמיש איבער דער שטוב. נאָך אַ קורץ אָנגע־וועהטאָגט שווייגען) מאַמע, פאָלג מיך, קום אַוועק פון דאַנעט, זאָג איך. קום צו מיר. דאָ וועסטו אויסגעהן ווי אַ ליכט; דו וועסט שטאַרבען פון הונגער; דו וועסט אַוועק פון דער וועלט פאַר דער צייט. לעבסט און באַגרייפסט ניט דעם באַטרעף פון לעבען. קום אַוועק איידער עס ווערט נאָך צו שפּעט. האַלטסט זיך דאָך שוין קוים אויף די פיס. טאַקע וואַרטען ביז... ביי מיר וועסטו דאָך לעבען ווי אַ גראַפיניע. דו אויך נחמה׳קע. פאָלגט מיך, קומט אַוועק פון דאַנעט. ער׳ט ווע‍לען בלייבען דאָ, זאָל ער; אויף אים האָב איך קיין רחמנות ניט. דער הונט פאַר־דינט דעם שטעקען...

נ ח מ ה ׳ ק ע : (אונטערגעצונדען) ווער איז אַ הונט, ווער!... דו, דו דו!... (לויפט צו אים דורס׳דיג)

ב ע נ ד ע ט : (מיט דער לעצטער, אויג אויף אויג) אַ הונט איז דער וואָס לעבט ווי אַ הונט און וויל זיך פון זיין קוריז ניט אַרויסרייסען!

פ ע ט ק ע : (רייסט זיך אריין אין מיטען, צונעמט זיי)

בענדעט: (פאַרזעצענדיג, עקסטאַטיש) פארשטעהסטו „טאַטענס טאַכטער" מיינע!

עטעל: (מיט אַמאָל, זיך אויפהויבענדיג) בענעניו, בע־נעניו!... הויבסט שוין אָן, קריגסט זיך שוין...

בענדעט: (אָב צו עטלען) זיי רוהיג, מאַמעניו, זיי רוהיג. עס טוט מיר וועה, זאָג איך, אָבער איך קריג זיך חלילה ניט.

נחמה'קע: (אין די רייד, צורייצט) וואָסע, וואָס געפעל איך דיר ניט אַזוי וואָס איך בין — דעם טאַטענס טאָכ־טער! וואָס וואַרפסטו מיר אַזוי אוים אַלע מאָל!

בענדעט: (אויף אַ זייט, געדריקט) ווען דו וואָלסט פאַרשטעהן פאַרוואָס, וואָלסטו מיך ניט געפרעגט.

נחמה'קע: (מיט דער זעלבער צורייצטקייט) וואָסע, דער טאַטע איז ניט קיין גנב, איך זאָל זיך דאַרפען שעמען!...

בענדעט: (ווי ער וואָלט דערפילט אַ שאַרפען שניט) הייסט דאָס?...

נחמה'קע: (האַקט זך באַלד אָפּ, אָבער עס שפּירט זיך שוין ווי אַ דונער וואָלט דורכגעשניטען די לופט)

פּעטקע: (בלייבט זיצען טיף־ליידענדיג, די אויגען צו דר'ערד, ווי ער וואָלט איבערגעלעבט אַ שטאַרקען וואונד־שמערץ. רויכערט, זיצט די גאַנצע צייט אַ דערשלאָגענער)

בענדעט: (שטעלט אָן אויף נחמה'קען אַ פּאָר אויגען, ווי איינער וואָס כאַפּט אונערוואַרטעט אַ שטאַרקען פּאַטש נור גיט זיך נאָך ניט אונטער; דער ערשטער בליק — אַן אויפגערעגטער, דער צווייּ־טער — אַ פרעגענדיגער, דער דריטער פול מיט פארבאָרגענע איבער־לעבונגען. אַ פּאַוזע פון אָטעם־פאַרכאַפּענדיגען שווייגען)

נחמה'קע: (כאַפּט אויף די איבערגעביטענע פּנים'ער פון בענדעטען און פּעטקען, בלייבט שטעהן מיט אַ אויסדרוק פון אָפּגענומענעם לשון און פול מיט חרטה)

עטעל: (דערפילענדיג טיף די האַנדלונג, האַרציג) קום אהער, מיין זון, קום אהער צו מיר.

בענדעט: (שטיקענדיג) מאַמע!... מאַמע, וואָס האָט זי געזאָגט, מאַמע!... (אַ קורץ טרויריג שווייגען. מאַרשירט זיך

דורך אַ פאַרביטערטער, טרעט צו צולעצט מיט געצײַלטע לאַנגזאַמע טריט, שטעלט זיך לעבען נחמה׳קען אונטער אירע פּלײצעס, דורך אַ קאָנטראָלירענדיגען ברויז, באַטאָנענדיג יעדען וואָרט באַזונדער) יאָ, איך בין אַ גנב... אָבער דאָ אין הויז, נחמה׳קע, דאָ — דאָ בין איך בענדעט!... (איר אין די אויגען אַרײַן, טרעריג) איך בין דײַן ברודער, נחמה׳קעלע!... פאַר וועמען איך בין אַ גנב, ד י ר בין איך אַ ברודער!... דאָ אין הויז וויל איך דאָס ניט הערען!... גענוג אַז א י ך ווייס דאָס, אַז איך בין דאָס, אָבער קריגען אָנצוהערענישען פון מײַן שוועסטעריל, פון דיר, פון מײַן נחמה׳קעלען... (טרערען דערשטיקען אים, דרעהט זיך אָפּ ווי אום אויסצומײַדען אַן אָפענעם צוזאַמענברוך... פאַררויכערט נערוועאיש אַ פּאַפּיראָס, קוקט אַ פאַרוועהטאָגטער, אַ פאַרטראַכטער אין פענסטערעל אַרויס, טוט זיך צומאָל אַ וויש אַן אויג, שווייגט. פּאַוזע)

נ ח מ ה ׳ ק ע : (בלײַבט זיצען מיטן פּנים אין די הענט; זיצט אַ צובראָכענע, אַ לײַדענדע, לעבט איבער אַ טיפען נשמה־קאַמף. הויבט זיך אויף, גייט צו צולעצט צו בענדעטען, הינטער זײַנע פּלײַ־צעס, דורך אַ טרער) בענדעט!...

ב ע נ ד ע ט : (שווייגט, ענטפערט ניט)

נ ח מ ה ׳ ק ע : זײַ מיר מוחל, ברודער...

ב ע נ ד ע ט : (טוט האַסטיג אַ וויש דאָס צווייטע אויג, שווייגט)

נ ח מ ה ׳ ק ע : (מערקט דאָס, כאַפּט זײַן האַנט, טיף גע־רירט) ברודער מײַנער!...

ב ע נ ד ע ט : (שטעהט ווי אַ פאַרטומעלטער, רירט זיך נישט מיט קיין אבר)

נ ח מ ה ׳ ק ע : (מיט די הענט אויף זײַנע אַקסלען) איך האָב דאָך אויף אַזוי פיל ניט געמיינט, גלויב מיר. איך האָב ניט געוואוסט...

ב ע נ ד ע ט : (דרעהט זיך אויס לאַנגזאַם צו איר מיט׳ן פּנים; עס שפּירט זיך אויף זײַן געזיכט אַן ענדערונג, קוקט איר אַרײַן אין די אויגען אַרײַן)

נ ח מ ה ׳ ק ע : זײַ מיר מוחל, איך בעט דיך... (קושט אים) ס׳האָט מיך פאַרדראָסען האָט זיך דאָס בײַ מיר אַרויסגע־

כאַפּט... (קוקט אויף אים מיט אַ ליבען בליק — אַ בליק געמישט מיט מיטלייד און פאַרוואונדערונג)

ב ע נ ד ע ט : (אינגאַנצען איבערגעביטען, דורך אַ האַרציג־צערטליכען שמייכעל) פון וואָס פאַרדראָסען, נאַריש קינד? (דריקט זי צו זיך, אַ צואוואָרימטער) מיין ליב, טייער שוועסטעריל!... נו, אודאי ביזטו דאָך דעם טאַטענס טעכטעריל, סע אַ ליגען? (גלעט זי איבערן קאָפּ, דורך אַ טיפען שמערץ) אודאי האָט ער דיך ליב בעסער ווי מיך... און טאַקע, אמת, איך בין דאָך פאַרט א . . . א גנב בין איך... וואָס דען בין איך?... פאַר דיר מעג איך דאָך רעדען.. ווער שעמט זיך מיט מיר ניט... איז גאָר קיין וואונדער ניט וואָס אַזאַ טאַטע ווי אונזערער זאָל מיך ניט ליב האָבען... ניט ליב האָבען — פיינט האָבען, ניט קאָנען אָנ־קוקען ווי אַ שפּין, אויף די אויגען מיך ניט לאָזען.. אָבער דו, נחמה'קעלע, דו, וויל איך, זאָלסט מיך ליב האָבען... ווייל איך האָב דיך ליב... איך האָב דאָך דיך אַזוי ליב... (אומאַרמט זי) מיר רייסט דאָס האַרץ אויף אייך אַלעמען, נחמה'קעלע... (קושט זי, דורך טרערען) מיינסט מיך טוט ניט וועה אפילו פאַרן טאַטען אויך... (רויכערט... — עס דערהערט זיך פון דרויסען אַ קלינגען פון גלעקליך)

נ ח מ ה ' ק ע : (שפּיצט אָן אָן אויער)

ב ע נ ד ע ט : (פאַרטאָן אין זיין געשפּרעך) אָבער...

נ ח מ ה ' ק ע : ששש!...

פּ ע ט ק ע : (כאַפּט זיך אויף, אַ צושראָקענער, מיט אַמאָל) עמיצער צוגעפאָרען!!...

ב ע נ ד ע ט : (אַ כאַפּ אַ קוק אין פענסטער) יאָ, עפּעס אַ שליטען... (ווערט צוטומעלט) פּעטקע! לאָמיר זיך אָפּטראָגען... נור וואָרט איין רגע... דאָ האָב איך אַ פּאָר רובעל פאַר דיר, מאַמעניו... (כאַפּט זיך צום טאַש) אַך, זיך אַזוי פאַררעדט און דיר פאַרגעסען ביז 'העך צו גיבען... (קאָן אַזוי גיך ניט ארויס־קריגען דעם טייסטער פון טאַש)

פּ ע ט ק ע : (צושראָקען) אוי, גיכער, גיכער!

נ ח מ ה ' ק ע : מ'איז שוין אין טיר!

ע ט ע ל : זאָל שוין זיין, מיין קינד, אויף אנאַנדערם מאָל.

ב ע נ ד ע ט, פ ע ט ק ע : (לאָזען זיך צו דער טיר)

ח י י ק ע ל : (טרעט אויף. — טראָגט טיפע נייע קאַלאָשען, אַ רייכען פוטער מיט אַ קאַראַקולען היטעל)

פ ע ט ק ע : טפו! געמיינט ווער ווייסט ווער!

ב ע נ ד ע ט : (מיט אַ בליק אויף חייקלען פון קאָפּ ביז די פיס) צום טייפעל! ווי קומט ער אַהער!... (שטעלט זיך מיט פעטקען אויף אַ זייט, פירען צווישען זיך שטילערהייד אַ געשפּרעך; מאַכען דעם איינדרוק ווי זיי רעדען פון חייקלען)

ח י י ק ע ל : (מעסט זיי אָפּ מיט אַ בליק פון פאַרדעכטיגקייט, קומט אריין מיט האַלבע טריט עטוואָס טיפער, גריסט זיך מיט אַ האַלב מויל און מיט אַ מין צוטראָגענקייט)

נ ח מ ה ' ק ע : (געהט אים אַנטקעגען, צוריקגעהאַלטען) אַ, הר' חייקעל!... וואָס פאַר אַ גאַסט... (טראָגט אים אונטער אַ בענקעל, ניט וואַגענדיג) זיצט, הר' חייקעל... רוט אייך אָפּ...

ח י י ק ע ל : (וואַרפט אויף איר אַ האַלב שטרענגען בליק, דרעהט זיך אָפּ פון איר, קוקט ארום זיך הין־און־אַהער, פילט זיך ווי עפּעס ניט זיכער; טוט זיך אַלע רגע אַ לייכטען טאַפּ צו די קעשע־ניעס. — ווי אום סתם עפּעס צו זאָגען) וואָס פאַר אַ רויך...

נ ח מ ה ' ק ע (ניט פריי) די מאַשינקע פון לאָמפּ איז קאַליע... (עטוואָס דרייסטער) יאָ, מזל־טוב אייך, הר' חייקעל... זאָל זיין מיט גליק...

ח י י ק ע ל : (ווירדיג, צווישען די ציין) אַ דאַנק.

ע ט ע ל : (ליגט אונטער דער קאָלדרע, האַלט אויף אים אַ קרומען קוק)

נ ח מ ה ' ק ע : (הכנעה'דיג) די מאַדאַם מוז אודאי זיין ברוגז וואָס כ'האָב איר די וועש ניט געבראַכט... אָבער גלויבט מיר כ'בין ניט שולדיג... פשוט ניט פאַספּייעט...

ח י י ק ע ל : (אונטערברעכענדיג) וואו איז דער טאַטע?... (האַלט אַן אויג אויף בענדעטען און פעטקען)

נ ח מ ה ' ק ע : (עטוואָס פרייער) מסתמא באַלד קומען... (קורצע פּאַוזע) און וואָס מאַכט עפּעס מאַשקע?

ח י י ק ע ל : (שטעכיג, בייז) „מאַשקע"!... ער הייסט ניט — „מאַשקע"! ער הייסט — מאַאיסיעי ליפּאַ!

נ ח מ ה ׳ ק ע : (עטוואָס צומישט) ער — ער האָט מיר געהייסען איך זאָל אים אַזוי רופען: מאַשקע... יאַ־יאַ... (שטעלט זיך אָפּ אַ רגע, זעצט פאָר עטוואָס פרייער) און איר ווייסט וואָס נאָך, אָט דאָן, ווען ער איז, ניט היינט געדאַכט, געווען קראַנק, האָט ער מיר צוגעזאָגט אַז גאָט וועט העלפען, ער וועט ווערען געזונט, איז דערפאַר וואָס איך האָב אויף אים אַכטונג געגעבען, וועט ער מיר גיבען דעם שענסטען שטיק לעקיך.

ח י י ק ע ל : (דורך אַ ווירדיגען שמייכעל) נו יאָ, לעקיך וועסטו קריגען.

נ ח מ ה ׳ ק ע : (לויפט צו גדולה׳דיג צום טיש, כאַפּט איר בלוזע) איר זעהט, הר׳ חייקעל, אין אָט דעם קאָפּטעלע, מיט די קרעלען וועל איך זיך פאַרפּוצען און קומען אויפן חתן־מאָל. (ווי זיך ארויסכאַפּענדיג) איאַ, עס וועט זיין שעהן?

ח י י ק ע ל : (מעשה בעל־תבית) וואָס?... צום חתן־מאָל?... דו?... (מעסט זי אָפּ מיט אַ בייזען בליק, צולעצט ווי קאָנטראָלירענדיג זיך, דורך אַ געצוואונגענעם שמייכעל, אין אַ טאָן פון ביטול) קאָנסט עפּעס שעהן זינגען?

נ ח מ ה ׳ ק ע : (ניט באַגרייפענדיג, אין איר לעצטער שטי־מונג) מיינע חבר׳טעס זאָגען איך זינג זעהר שעהן.

ב ע נ ד ע ט : (הערט זיך איין צו דער האַנדלונג, קוקט אויס צו זיין אויפגעַרעגט, קאָנטראָלירט זיך)

ח י י ק ע ל : (איראָניש) נו, און טאַנצען?

נ ח מ ה ׳ ק ע : (נאָך מער באַלעבט) אַ, יאָ! איך קאָן אַ „שער“, אַ „קאַדריל“ און אפילו אַ „קאַזאַק“ אויך.

ח י י ק ע ל : (ווי פריער) און אַ „באַלגאַר“?

ב ע נ ד ע ט : (ארויספלאַצענדיג, מיט פייער) אַ, טו אים אַ שפּיי אין פּרצוף אריין, נחמה׳קע! זעהסטו ניט ווי ער לאַכט זיך אויס פון דיר?! גולם דו, צו וועמען ווילסטו געהן אויף אַ חתונה, צו וועמען?! צו אָט די אַ!... גולם דו וואָס דו ביזט! וואָס וועסטו דאָרטען טאָן? אויף וואָס דאַרפען זיי דיך? ד י י ן טאַנצען מיט דיין זינגען איז ניט גענוג פאַר זיי! פון דיין טאַנצען ווען זיך נאָך זייערע בייכלעך ניט אויפבלאָזען פאַר נחת! זיי דאַרפען אַזעלכע וואָס זאָלען קאָנען מאַכען

קונצען, ברעכען דעם קאָפּ צוליב זיי; אַקראָבאַטען דאַרפען זיי.
אָבער ניט דיך! א סטאַראָזש'ס א טאָכטער, מיט דיין „קאָזאַק“
וואָס דו קאָנסט דאָרט — וואוהין שטופּסטו זיך וואוהין!...
אַט אַט־דאָ ברעך דיין נאַקען! ווער דערשטיקט מיטן רויך, פּגר
ווי א הונט, אָבער ניט צו זיי אויף חתונות, אויף בעלער געהן!

עטעל: (זיך אָנרופּענדיג, ניט גערן) בעני, בעני!

בענדעט: (מאַרשירט אַרום ברוגזענדיג)

חייקעל: איר זעהט אייערע קינדער... אהער איז הויז ניט אריינצוקומען...

בענדעט: (צינדענדיג) דאָס איז דער אמת!... דאָס איז דער אמת און פאַרן אמת וועל איך זיך פאַרן טויט ניט אָפּשרעקען!

נחמה'קע: (שטיל, אָוועקרייסענדיג) בענדעט!

בענדעט: (איבערקרימענדיג) „אהער ניט אריינצוקומען“...

נחמה'קע: (ווידער) בענדעט!... הער אויף!...

בענדעט: (אָפּטרעטענדיג) „אייערע קינדער“!... ליידטישער פון אייערע!

נחמה'קע: ביזט משוגע געוואָרען?! (רייסט אים אַוועק מיט ביידע הענט)

עטעל: זאָל שוין זיין, בענדעט; גענוג. קום אהער צו מיר. קום אהער, בענדעט.

בענדעט: (שטעהט א רגע מיט פאַרקריצטע ציין, צונויפגעפּרעסטע פויסטען, ווי א צורייצטער לייב; גרייט זיך ארויפצואוואַרפען; באַהערשט זיך, רייסט זיך אָפּ מיט אַמאָל, אָב צו עטלען, זיצט לעבען איר, קאָן מער ניט אויסרעדען קיין וואָרט, טרייסעלט זיך פאַר כעס ווי אין א קדחות)

עטעל: (האַלט אים צו פאַר דער האַנט, באַרוהיגט אים)

פּעטקע: (אָב צו בענדעטען, שטילט אים איין)

חייקעל: (נאָך א לייגגערע פּאַוזע, טרעט צו צו נחמה'קען, זאָגט איר עפּעס שטיל און ווירדיג, אָב אויף א זייט)

נחמה'קע: (אָב פון חייקלען א נידערגעשלאָגענע, שטעלט זיך פרעסען, פילט זיך זעהר געדריקט. פּאַוזע)

פ ע ט ק ע : טרעט צו צו נחמה׳קען, רעדט מיט איר שטיל, ווי ער וואָלט זי באַרוהיגען, גלעט זי איבער׳ן קאָפּ)

ח י י ק ע ל : (נאָך איין אונאַנגענעמען שווייגען, צו עטלען) וואָס איז דאָס, שעפּסיל איז נאָך ניט געקומען? אַזוי שפּעט; (לאָזט זיך אַרויסנעמען דעם זייגער, האַלט זיך אָפּ) די אַרבייט האָט ער שוין לאַנג אָוועקגעלייגט.

ע ט ע ל : (זיך אויפזעצענדיג) אויב אַזוי איז ער מסתמא געגאַנגען אָפּנעמען דאָס קינד פון חדר.

ח י י ק ע ל : אין אַזאַ אומקומעניש אָפּנעמען אַ קינד פון חדר?

ע ט ע ל : נו, ס׳קאָן דאָך נאָך פאַרבלאָנדזשעט ווערען. — זיצט דערווייל...

ח י י ק ע ל : (מאַרשירט זיך דורך, נאָך אַ שווייגען) אָבער ביי אייך אין הויז איז וואַרים פונדעסטוועגען. (אָב צום אויווען)

ב ע נ ד ע ט : (פאַרביסען, נור געלאַסען) ביי אייך מוז זיין וואַרימער, גלויב איך. כ׳וואָלט גראָדע געוואָלט איבערנעכטיגען ביי אייך אַ נאַכט...

ח י י ק ע ל : דאָס אַלעס וואָס דו וואָלסט געוואָלט? ניט קיין שלעכטען שטאָך צום וועלען האָסטו, למאַי זאָל איך זאָגען; אָט דאָס הייסט אַ חשק.

ב ע נ ד ע ט : נו וואָסע? — נור גאָרניט, אַלעס קומט נאָכן ווילען... (וואַרפען זיך ווידער איבער מיט גיפטיגע בליקען. אַ שווייגען. רעדט אַ ווײַלע שטיל מיט עטלען. נעמט זיך ווי דער־מאָנענדיג צו דער קעשעניע, נעמט אַרויס געלט, דערלאַנגט עטלען)

ש ע פּ ס י ל : (ציגט זיך אונטערן פענסטער, מערקט ווי עטעל נעמט געלט פון בענדעטען און ווי פּעטקע שפּילט זיך צו דער זעלבער צייט מיט נחמה׳קעס האָר. פאַרשווינדט. עס הערען זיך באַלד זייגע האַסטיגע, שווערע טריט פון הינטער דער טיר, קומט אַריין, לאָזט זיך גלייך טיף אין שטוב אַריין, געהט פאַרביי חייקלען, מערקט אים ניט)

ע ט ע ל : (ווי זי דערזעהט נור דעם לעצטען, נאָך אויף דער טיר, — דאָס מאָל שוין מער אַלס אָנשטעל און מיטעל אום די איב־

ריגע, בענדעט און פּעטקע, זאָלען אים אויך דערזעהן) אוי, מיין זייט!... (באהאַלט דאָס געלט)

ב ע נ ד ע ט, פּ ע ט ק ע : (שפּרינגען אויף פון זייערע פּלעצער, שטעהען ווי אויף שפּילקעס)

ש ע פּ ס י ל : (געהט פאַרביי בענדעטען, מיט די בליקען אויף צוריק, אונטערנאַזיג) וואָס טוסטו דאָ וואָס! (קיין ענטפער) וואָס טוסטו דאָ, פרעג איך?! (שטעלט זיך צו אים פּנים־אל־פּנים)

ב ע נ ד ע ט : (דרעהט זיך אָפּ, פאַרשוויגט, דערפילט זיך זעהר ניט פריי; שטרענגט זיך אָן צו זיין געלאַסען)

ש ע פּ ס י ל : (צו עטלען, ניט איבגאַנצען זיכער) וו—וואָס האָסטו דאָרט באהאַלטען?

ע ט ע ל : (שוויגט, דרעהט זיך, קרעכצט)

ח י י ק ע ל : (שטעהט אויף אַ זייט, קוקט זיך צו צו אַלעם מיט אַ מין באַאָבאַכטונג; מער ווי אויף אַלעמען קוקט ער זיך צו צו שעפּסלען)

ש ע פּ ס י ל : (ווידער צו בענדעטען און שוין בתוכם אויך מיט אַ בליק אויף פּעטקען) וואָס טוט איר דאָ, פרעג איך!

ב ע נ ד ע ט : (ניט פריי, אונטערשטאַמלענדיג) א— איך— איך בין געקומען זעהן די מאַמע...

ש ע פּ ס י ל : (וואַרפט אויף אים אַ האַלב־מילדען בליק גע־מישט מיט אַ טראָפּען פאַטערליכקייט, וואַרטשענדיג) די מאַמע...

ב ע נ ד ע ט : (געלאַסען) יאָ, די מאַמע... פרעגט מיך וואָס א י ך טו דאָ; פרעג בעסער אים, וואָס טוט ע ר דאָ?!

ש ע פּ ס י ל : ווער? (אַ בליק צוריק, דערזעהט חייקלען, ווערט עטוואָס מבולבל, גריסט זיך צו אים אויף שנעל, צוטומעלט און מיט אַ טיפען דרך־ארץ) אַ, אַ גוט־אָוועגט!... עפּעס האָב איך איך גאַרניט באמערקט... זיצט... (ווידער צו בענדעטען, עטוואָס צוריקגעהאַלטען) נו, וואָס שטעהסטו נאָך וואָס, געה!

ב ע נ ד ע ט : ווארום זאָל איך געהן, וואָסע?

ש ע פּ ס י ל : (מיט אַ כאַפּ צום שטעקען) שווייג!

ב ע נ ד ע ט : שווייגען... ווארום? וואָס בין איך דאָ, אַ פרעמדער?

ש ע פּ ס י ל : (אין אַ ווייכען בייזער) יאָ, אַ פרעמדער!... נאָך ערגער פון אַ פרעמדען!

ב ע נ ד ע ט : מיט וואָס?

ש ע פּ ס י ל : טענה זיך אוים מיט מיר ווענינער! — ארוים!

ע ט ע ל : שעפּסיל! שעפּסיל! (פאַרהוסט זיך)

ש ע פּ ס י ל : (שטעלט אַוועק זיין שטעקען אין אַ ווינקעל ביים טיש, ציט ארונטער פון זיך דעם באַשליק, צובינדט זיך דעם גאַרטעל. צו חייקלען, פאַרקלאָגענדיג) וויפיל מאָל איך האָב אים (בענדעטען) שוין ניט פאַרזאָגט ער זאָל מיין שוועל ניט אַריבער־טרעטען און ער קריכט אַהער ווי אַ חזיר און שוין... (צו בענ־דעטען) אויב דו וועסט מיר קומען אַהער נאָכאַמאָל, דו הערסט!...

ע ט ע ל : שעפּסיל!

ש ע פּ ס י ל : אָ, וואָס פאר אַ שעפּסיל וואָס! (ווי דער־מאָנענדיג זיך) און דו!... וואָס האָסטו דאָרט באַהאַלטען, אַ?

ע ט ע ל : אַ — איך? וואָס באַהאַלטען?

ש ע פּ ס י ל : האָסט באַהאַלטען, באַהאַלטען!

נ ח מ ה ' ק ע : טאַטעניו, זאָל שוין זיין גענוג, איך בעט דיך. די מאַמע איז דאָך אַזוי שלאָף און קראַנק און די קינדער שלאָפען.

ש ע פּ ס י ל : אהאַ, יאָ גו, און דו אויך מיט אים דאָרט... נור דאָס אויף שפּעטער, וואַרט! (שלעפּט אַרונטער פון זיך דעם פעלץ)

נ ח מ ה ' ק ע : טאַטעניו, איך בעט דיך... (העלפט אים זיך אויסטאָן)

ש ע פּ ס י ל : (ווען ער ווערט פערטיג, גיט איבער דעם פעלץ נחמה'קען, נעמט זיך ארונטערוויקלען פון זיך האַסטיג די שאַרפּע) וואָס האָט זי דאָרט באַהאַלטען, וואָס, אַ? געלט? ווידער געלט?! (וואַרפט מיט בעס די שאַרפּע אויף אַ זייט) גנב'שע גע־רויבטע געלט ביי מיר אין הויז! (מאַכט אַ ווילדען טריט צו עטלען)

נ ח מ ה ' ק ע : (אָפּהאַלטענדיג) טאַטעניו, באַרוהיג זיך...

ש ע פּ ס י ל : וואָס, באַרוהיגען! ביי מיר אין הויז פרעמדע גנב'שע געלט?!

נ ח מ ה ׳ ק ע : טאטעניו —

ש ע פ ס י ל : (שטויסט אָפּ נחמה׳קען, ווידער צו עטלען) אהער גיב די געלט!

ע ט ע ל : וואָס פאַר א געלט, משוגע׳נער!

ש ע פ ס י ל : (ניט אָפּטרעטענדיג) אהער גיב די געלט. זאָג איך!

ע ט ע ל : וואָס פאַר געלט?

ש ע פ ס י ל : די געלט!

ע ט ע ל : שעפּסיל!

ש ע פ ס י ל : די געלט! (רייסט זיך מיט איר)

ב ע נ ד ע ט : (קוקט אַ ברוגזענדיגער אויף שעפּסלען, שטעהט אין אַ פּאָזע פון גרייט פאַר אָנפאַל, באהערשט זיך מיט אַלע כחות, שטופּט די הענט אין די קעשעניעס, האַלט זיי דאָרט פעסט לעבען זיך)

ש ע פ ס י ל : (פאַרזעצענדיג) די געלט אהער גיב, זאָג איך! אהער גיב, אהער גיב, אהער גיב!... (שוין מיטן אויס־געריסענעם געלט אין האַנט, צו בענדעטען) אזוי, אַ?... מיט פרעמדע געלט, אָנגעראַבעוועטע בלוט, קומסטו מיך ראַטעווען!... (צולאַכט זיך מיט אַן אָנגעוועהטאַגטען געלעכטער... שליידערט מיט אַמאָל, ווי עפּעס אַ טומאה, דאָס געלט בענדעטען צו די פיס, דורך אַ טופּע) ארויסט גנבים פון מיין הויז, שוין!

ב ע נ ד ע ט : איי, טאַטע, טאַטע, וואָס וואָלט איך פאַר דיר ניט געטאָן, נור... (לאָזט זיך בתוכם אויפקלייבען דאָס געלט פון דר׳ערד)

ש ע פ ס י ל : (שטויסט אים אָפּ) שטעה! — וואָס? מיט אזא טריף געלט מיך קומען ראַטעווען! (הויבט אַליין אונטער דאָס געלט, וואַרפט דאָס מיט אַן עקעל אין אויוועז אריין)

ב ע נ ד ע ט : ניין, טאַטע, ניט דיך צו ראַטעווען, ניט פאַר דיר האָב איך איצט דאָס געלט געבראַכט! דאָס איז פאַר דער מאַמען! דיך האָב איך שוין ניט וואָס צו ראַטעווען... אז דו קאָנסט שוין וואַרפען געלט אין אויוועז אריין האָב איך שוין אויף דיר ניט וואָס מער קיין רחמנות צו האָבען!

ש ע פ ס י ל : וואָס זשע דען קומסטו אהער? ווער דאַרף דיך דאָ?

ב ע נ ד ע ט : וואר? די מאמע! זי איז דאס כפרה־הינדעל, פארשטעהסט! אויף איר טוט מיר וועה דאס הארץ! איר לעבען איז דא אין סכנות!

ש ע פ ס י ל : וואס האסטו זיך געשטעלט מיט מיר אויס׳־טענה׳ן! געה שוין, געה... טראג זיך אפ פון דאנעט... ביז וואנעט וועל איך דיר נאך זאגען ביז וואנען... (אב צו חייקלען, רעדט מיט אים שטיל און ווי אין א צובראכענעם פארביטערטען טאן)

ב ע נ ד ע ט : (שטעהט, דרעהט זיך ווי ס׳וואלט זיך אים זעהר ניט גלוסטען אוועקצוגעהן... נעמט ארוים פאפיראסען, פאררוי־בערט. א קורץ שוויגען).

ש ע פ ס י ל : (ווידער צו בענדעטען) נו, וואס שטעהסטו נאך וואס, וואס געהסטו ניט!

ב ע נ ד ע ט : (שווייגט, דרעהט זיך הין־און־הער)

ש ע פ ס י ל : שוין זאלסטו געהן! די רגע!

ב ע נ ד ע ט : טרייבסט מיך, א?... ניין, טאטע, ניט מיך דארפסטו טרייבען, נור (מיט א פינגער אויף חייקלען) אט אים, אים טרייב!...

ש ע פ ס י ל : (אנגעצונדען) וואס?!

ב ע נ ד ע ט : ער איז דאס דער גנב, דער רויבער! קוק אויף זיך און קוק אויף אים!... ניין, טאטע, ניט איך, ניט ער (פעטקע), נור אט ער (חייקעל)!... ער איז דאס דער, וועמען דו דארפסט ארויסטרייבן!

ש ע פ ס י ל : שווייג! פארשטומט זאלסטו ווערען!

ב ע נ ד ע ט : שווייגען, א?! אנו גיב א קוק ביי אים אין הויז. דארט ליגט ניט קיין שטרוי אויף דר׳ערד געשפרייט, ווי אין א כליוו, און זיין ווייב א קראנקע אין א צעבראכען בעט אין שמאטעס איינגעדעקט, ווי דיין ווייב —

ש ע פ ס י ל : (ווילד) ארויס דו מערדער! ארויס פון דאנעט!

ב ע נ ד ע ט : „מערדער“? מיך רופסטו מערדער? פאר וואס?... ניין, אויב ס׳ע זיינען פאראן מערדערס דאן איז ער (חייקעל) דער ערשטער און דער צווייטער ביזטו אליין!

ש ע פ ס י ל : א?! איך?!

ב ע נ ד ע ט : אבער, טאטעניו, בארוהיג זיך...

ח י י ק ע ל : (שטעהט די גאנצע צייט, קוקט און הערט זיך איין מיט א באזונדער אינטערעס; איבערהויפט האלט ער א פארשיגנ־דיג אויג אויף שעפסלען. הערט זיך איין צו זיין יעדען ווארט, צו זיין יעדער האנדלונג)

ב ע נ ד ע ט : (זעצט פאר, מיט א פינגער אויף אלעם אין הויז) זעה... וואס האסטו דא?... (צייגט אן איבערהויפט אויף עטלען) קוק... ווען זי וואלט געה'הרג'עט טאטע־מאמע וואלט זי ניט גערדארפט אזוי אפקומען!...

ש ע פ ס י ל : (ווערט אויף א מאמענט ווי פארכאפט, שפיצט אן אן אויער)

ב ע נ ד ע ט : (דורך שטיקענדיגע טרערען) זיין טויט־קראנק און נישט האבען קיין גראשען אויף א רפואה צו קויפען!...

ש ע פ ס י ל : (שטעהט א רגע פארגעסענדיג, מיט א הויבענ־דיג הארץ)

ב ע נ ד ע ט : (מיט א פארזיכטיגער צערטליכער האנט אויף שעפסיל'ס אקסעל) פאלג מיך, טאטעניו, און... און קום בעסער מיט מיר...

ש ע פ ס י ל : (א כאפ אויף מיט אמאל, א רוק אויף א זייט)

ב ע נ ד ע ט : פארלאז אט דעם הינטישען קוריו...

ש ע פ ס י ל : וואס, וואס?!... מיט דיר געהן?! מיט דיר געהן?!... (צולאכט זיך מיט א מין היסטערישען געלעכטער, צו חייקלען) געהערט אן המצאה?...

ח י י ק ע ל : (שמייכעלט, הערט זיך איין גערן צו דער ווייי־טערער האנדלונג)

ש ע פ ס י ל : אזוי! אויך ווערען אזא גנב ווי דו, א!

ב ע נ ד ע ט : (ווייך, מיט געדאנק) ווער זשע, טאטע, איז שולדיג וואס איך בין א גנב, א?

ש ע פ ס י ל : (עטוואס גערירט) א, אין דר'ערד זאלסטו זיין, האב איך דיך נאך ווניג געלערענט?

ב ע נ ד ע ט : (דורך א פילאסאפיש פייער) וואס געלע־רענט, א סטאראזש צו זיין?! ארבייטען אויף אזעלכע סוואלא־טשעס?! —

שעפסיל: ששש!... (אַ טופּע) וואָז!... וואָז פון מיין הויז, דו, דו, דו!...

בענדעט: טאַטע —

שעפסיל: (שטאַרק צורייצט) רוף מיך ניט קיין טאַטע, רוף מיך ניט קיין טאַטע!... איך בין דיר ניט קיין טאַטע!

בענדעט: אָבער הער מיך אויס —

שעפסיל: (ווילדער און ווילדער) ארויס „דו בענע־דעק", גנב דו!... וואו איז מיין שטעקען!... וואו'ז מיין שטע־קען וואו?... נחמה! דעם שטעקען!... וואו'ז דער שטעקען, וואו?... (לויפט ארום אַ צוברויזטער הין־און־הער, ביז ער כאַפּט דעם שטעקען, פאַרטראַגענדיג) ארויס!... שוין ארויס!... (אויף ביידע — אויף פעטקען אויך) אררויסט גנבים פון מיין שטוב!... (לאָזט זיך שלאָגען)

נחמה'קע: (אונטערלויפענדיג) טאַטעניו! (האַלט אים אָפּ)

שעפסיל: (פאַרפינעט) ארויסט! ארויסט!

עטעל: שעפסיל! שעפסיל! זיי ניט אַזוי משוגע! משוגע'נער!

שעפסיל: (אין איין אָטעם) וואָס האָבען זיי דאָ וואָס צו טאָן, וואָס?!

נחמה'קע: איך בעט דיך, בארוהיג זיך; זאָל זיין שטיל, וועסט אויפוועקען די קינדער.

שעפסיל: ביי מיר אין הויז — גנבים!

נחמה'קע: טאַטעניו, טאַטעניו, וועסט איבערשרעקען די קינדער, איך בעט דיך...

בענדעט: (נעמט אָן פעטקען פאַר דער האַנט, לאָזט זיך מיט אים צו דער טיר) נישקאַשע, נישקאַשע... קום, פעטקע, קום... נור דו, טאַטע, וואַרט אויס... וואַרט אויס... זאָל זיך נור אָט דאָס פייעריל אויסלעשען; זאָל נור דאָרט אין דרויסען דאָס שנעעלע ארונטער; און זאָלען זיך נור אָט דאָ אַ פּאָר ריטשקעלעך צעגיסען... קום דערווייל, פעטקע, קום... אַ, טאַטע, וואַרט... מיר וועלען זיך נאָך זעהן; אַ, מיר וועלען זיך נאָך זעהן!... (אָב מיט פעטקען)

ש ע פ ס י ל : (בלייבט שטעהן עטוואָס אַ פאַרטומעלטער)

נ ח מ ה ' ק ע : (לאָזט זיך אויך צו דער טיר)

ש ע פ ס י ל : (מיט אַמאָל) וואוהין איז?

נ ח מ ה ' ק ע : (דורך אַ שמערץ) איך...

ש ע פ ס י ל : (קורץ, שאַרף) דאָ זיי!

נ ח מ ה ' ק ע : (ציט זיך זעהר ניט גערן צוריק; שטעלט זיך ווידער פרעסען אַ אומצופרידענע)

ש ע פ ס י ל : (פאַלט צו צום טיש אַ מידער, אָטעמט שווער, שוויייגט... פאַוזע)

ח י י ק ע ל : (קוקט אויפן לעצטען מיט אַ צופרידענעם שמייכעל, צולעצט איילענדיג און ווירדיג) אַלזאָ, שעפס! היינט איז ביי מיין מאַיסיעיען דאָס חתן־מאָל, ועסטו היינט זיין ביי מיר.

ש ע פ ס י ל : (זיך אויפהויבענדיג שווער פון טיש) אַ? אַזוי... שוין היינט דאָס חתן־מאָל? נו, זאָל זיין מיט גליק.

ח י י ק ע ל : (שאָקעלט אָפּ מיטן קאָפּ אַלס אַ דאַנק)

ש ע פ ס י ל : אַבער אַז איך וועל זיין ביי אייך, ווער זשע וועט היטען דעם סקלאַד?

ח י י ק ע ל : כ'האָב באַשטעלט סטעפּאַנען.

ש ע פ ס י ל : (איבערגעגיבען) סטעפּאַנען גאָר? וואָרום ניט איוואַנען?

ח י י ק ע ל : (שמייכלענדיג) וואָרום ניט סטעפּאַנען?

ש ע פ ס י ל : ווייל סטעפּאַן האָט לעפּקע פינגער. כ'האָב אים אַמאָל געזעהן אין אַ קלייט, האָט ער געלייגט איין עפּיל אין קעשעניע און דעם צווייטען אין מויל; און צעקערקעם — מם, וויפיל ער האָט נור געקאָנט —

ח י י ק ע ל : (אונטערברעכענדיג) נו, און איוואַן?

ש ע פ ס י ל : אַ, יענער, זעהט איר, וועט שוין אַפילו אַ שטרוי פון דר'ערד אויפהויבען און אייך אָפּגיבען.

ח י י ק ע ל : מילא, פאַרפאַלען. זאָל שוין זיין סטעפּאַן. ווען זשע וועסטו צוקומען?

ש ע פ ס י ל : אַפילו שוין.

ח י י ק ע ל : נו, קום.

עטעל: (פארדראסיג) זאל ער כאטש אפעסען וועטשערע. זיך אפרוהען.

שעפסיל: (אין די רייד) נו, נו, וואסע? וואס רעד־סטו דארט! שוין נו, זיך אפרוהען... מיר וועלען זיך נאך אפ־רוהען... — יא, יא, הר׳ חייקעל, אט נור עפעס איבערכאפען. — נחמה׳קע! גיב עסען! (לייגט שנעל א האנדטוך אויפן עק טיש, לויפט זיך וואשען אויף גיך)

עטעל: (בתוכם) איי, שעפסיל, שעפסיל! קומסט דאך ערשט אריין, ביזט דאך מיד און אנגעפרוירען.

שעפסיל: (זיך וואשענדיג) א, נו, דאס ערשטע מאל מיר... נו, נחמה׳קע! (דאס איבריגע צייגט ער אן מיט די הענט וואס מיינט — וואס גיבסטו ניט קיין עסען, ריר זיך. — ווישט זיך מיטן ארונטערהענגענדיגען עק פון האנדטוך)

נחמה׳קע: (דערלאנגט עסען. געהט פארביי חייקלען, ווארפט אויף אים א בייזען בליק)

עטעלי (איינצייטיג, אפארט) שטעהט ווי א זאקיציע!... (קוקט בייז אויף חייקלען)

שעפסיל: (מאכט „המוציא“, און מאכט מיט די הענט און קאפ אויף שנעל צו חייקלען, וואס מיינט — די רגע, די רגע; אט נור עפעס כאפען אין מויל אריין. — נעמט ארויס פון בוזעם א פלעשעל שנאפס) לחיים, הר׳ חייקעל, לחיים, זאל אייך זיין מיט מזל און גליק. (לאזט זיך טרינקען, האלט זיך אפ) נחמה׳קע, א גלעזעל! — איר מעגט אים, חייקעל — (פארכאפט זיך, מיט אמאל) הר׳ חייקעל, פארזוכען.

חייקעל: (ווייך) ניין, ניין, א דאנק, שעפסיל. — אלזא, איך געה.

שעפסיל: געהט געזונטערהייד. איך עס נור אפ, אזוי קום איך באלד. (עסט בחיפזונ׳דיג)

חייקעל: (לאזט זיך אוועקגעהן, שטעלט זיך אפ מיט אמאל, ווי זיך דערמאנענדיג; רופט צו שעפסלען, אב מיט אים אויף א זייט, רעדען שטיל און מימיש)

שעפסיל: (קוקט אליע מאל מיט א בייזען בליק, דאס

אויף עטלען, דאָס אויף נחמה׳קען; צו חייקלען, פאַרקלאַגענדיג) יאָ, נחת, נחת...

ח י י ק ע ל : יאָ, שעפּסיל, עפּעס גאָרניט געראָטען אין דיר.

ש ע פּ ס י ל : איי, שלעכט, שלעכט, הר׳ חייקעל. ניט גוט. אַ שלעכט קינד זאָל גאָרניט געבוירען ווערען. וואָס איך פּלעג אָט דעם בענדעטען ניט באַגראָבען קליינערהייט דערפאַר און ווי אַז אַרבעס אין דער וואַנט.

ע ט ע ל : (זיך אָפּרופענדיג) נו, האָסט דען אפילו ווען צייט אויף די קינדער זיך אומצוקוקען? ניט בייטאָג, ניט ביי־נאַכט, ניט שבת, ניט יום־טוב —

ש ע פּ ס י ל : (מיט אַמאָל, דורך אַ ווייכען בייזער) עטעל!... (הייסט איר שווייגען מיט זיין קוק — ווי אַלס אַ מין דרך־ארץ פאַר חייקלען)

ח י י ק ע ל : יאָ, איך פאַרשטעה ניט, איך פאַרשטעה ניט... ביי דיר זאָל אַזעלכעס אויסוואַקסען... (אָב האַסטיג)

ע ט ע ל : מם, זעהסט אַ חזיר! אפילו קיין גוטע נאַכט ניט געזאָגט.

ש ע פּ ס י ל : מסתמה פאַרגעסען. (זעצט זיך ווידער אויף גיך צום טיש)

ע ט ע ל : (בייז) פאַרגעסען!

ח י י ק ע ל : (מאַכט שנעל אויף די טיר, פון אויף דער שוועל) קום זשע באַלד צוגעהן, שעפּסיל; מאַך דאָס שנעלער.

ש ע פּ ס י ל : (אויפשפרינגענדיג) יאָ, יאָ, די רגע, די רגע...

ח י י ק ע ל : (מאַכט אַ באַוועגונג אַוועקצוגעהן)

ש ע פּ ס י ל : (מיט אַמאָל, ווי ער וואָלט זיך דערמאָנען אין זעהר אַ וויכטיגער זאַך) הר׳ חייקעל!... (שטעלט אָפּ דעם לעצטען; האַקט זיך אָפּ, טרעט צו צו אים נעהנטער)

ח י י ק ע ל : (שטעלט זיך אָפּ ניט גערן, טרעט אַריין טיפער) וואָס איז?

ש ע פּ ס י ל : (ניט וואַגענדיג) איך... כ׳וויל אייך עפּעס

זאָגען... (אָב מיט אים אויף אַ זייט, רעדט שטיל און פול מיט הכנעה)

ח י י ק ע ל : ניין, ניין... ניט איצט... כ'האָ'ניט...

ש ע פּ ס י ל : (מיט א צוקרימטט תחנונים'דיג פּנים) אבער איך ווייסט דאָך, הר' חייקעל... מאָרגען איז דאָנערשטאָג...

ח י י ק ע ל : (זיך ארויסדרעהענדיג, געפּיללאָז) ווייס'ך נו, ווי ווייט איז ביז פריטאָג...

ש ע פּ ס י ל : (בלייבט שטיין אַ דערשלאָגענער) אבער איך האָב דאָך ניט קיין פּרוטה, הר' חייקעל...

ח י י ק ע ל : (אין די רייד, באַפעלעריש) אלזא, שעפּס, קום באַלד צוגעהן!

ש ע פּ ס י ל : (אונטערדריקט) די רגע.

ח י י ק ע ל : (מעכאַניש) א גוטע נאַכט. (אָב צו דער טיר)

ש ע פּ ס י ל : (מיט אַ טריט נאָך אים, האַרציג) א גוטע נאַכט — א גוט יאָר... האָט א פּרעליכע חתונה.

ח י י ק ע ל : (ווי פריער) אַ דאַנק. (אָב)

ש ע פּ ס י ל : (בלייבט שטעהן אַ מאָמענט אין אַ דערשלאָ־גענער פאַרטראַכטקייט... רייסט זיך אָפּ מיט אַמאָל, ווי צושטרייענדיג, צו עטלען) נו, זעהסט? אודאי האָט ער פריער פאַרגעסען צו זאָגען אַ גוטע נאַכט. אומיסטען זיך אומגעקערט... און דו טשע־פּעסט זיך.

ע ט ע ל : (טוט א צוקרומטען שמעכיל) אַ, וואָס איז דאַ מיט דיר צו רעדען... וואו איז גרשון'דעל?

ש ע פּ ס י ל : האָט ניט געוואָלט געהן. איז דאָרט גע־בליבען. — (צו נחמה'קען) נו, האָסט נאָך עפּעס? דערלאַנג.

ע ט ע ל : „דערלאַנג“!... פונוואַנען זאָל זי נעמען? אומ־זיסט וויל קיינער ניט גיבען! אַזעלכע דאַברע־דורניעס ווי דו זיינען קיין סך נישטאָ.

ש ע פּ ס י ל : נו, נו, שאַ, האָב איך ניט געזאָגט. כ'בין שוין זאַט, שוין... (לייגט אריין דאָס פלעשעל צוריק אין בוזעם, בענטשט אויף שנעל)

ע ט ע ל : נו, וואָס דען, אבי דו ביזט שוין זאַט... אוודאי.

אז פאר דיר איז א קארטאפליע מיט א ציבעלע אויך גענוג...
אבער וואס זאל איך, א קראנקע פרוי, טאן?

ש ע פ ס י ל : (בענטשענדיג) צו וועמען זשע האסטו טענות?

ע ט ע ל : צו וועמען... צו דיר!

ש ע פ ס י ל : וואס ווילסטו! לאז מיך כאטש אפ־בענטשן לאז מיך! (בענטשט)

ע ט ע ל : א, בענטשען און קלאפען!... וואס איך וויל, פרעגט ער — כ'וויל לעבען וויל איך! כ'דארף רפואות, כ'בין טויט־קראנק; כ'קאן ניט לעבען מיט קיין קארטאפליע און מיט קיין „ציבוליע" ווי דו... (דורך א טרער) כ'בין ניט פון קיין אייזען!... (א קורץ שווייגען) אוי!... — יא, בענדעט איז טאקע גערעכט... (וויל עפעס נאך זאגען, האלט זיך אפ. א רגע שפעטער) ער זאגט דו ביזט א מערדער — און ס'איז אמת!

ש ע פ ס י ל : (עטוואס גלאסען) שוין, שוין, געעפענט דאס „מיילכעל", שוין נו... האט געעפענט דאס „מיילכעל" האט זי שוין, נו... — נחמה'קע! גיב מיר דעם שטעקען.

נ ח מ ה ' ק ע : (אב ברוגז'ליך פון טיש צום אויוועז)

ע ט ע ל : (צו שעפסלען) אט דאס ווייסט דאס, א! נור דער שטעקען ליגט אים אין קאפ!

ש ע פ ס י ל : (אין א טאן העכער) הער נור, דו! וועסט היינט פארמאכען דיין פיסקאטש!

ע ט ע ל : (ווי פריער — יאדעווודיג) דאס איז דאך אלעס וואס דו קאנסט: שרייען — אויף מיר; וואס נאך קאנסטו?!

ש ע פ ס י ל : כ'זאג דיר האלט פיסק וועסטו בעסער מא־כען, דו הערסט! — נו, נחמה'קע! וואו'ז שוין מיין שטעקען? (נעמט זיך פאר דער שארפע)

נ ח מ ה ' ק ע : (פון לעבען אויוועז) כ'ווייס ניט וואו ער איז.

ש ע פ ס י ל : וואס? דו אויך?!... וואס פאר אן אנ־שיקעניש היינט! אלע אויף מיר?... (א קורץ שווייגען. טרעט צו צו נחמה'קען) און דו... זאג נור, וואס האט דא אט דער פירגראשענדיגער גנב געטאן, א?

נ ח מ ה ׳ ק ע : (צוריקגעהאלטען) וואס?... ער איז געקומען מיט בענדעט׳ן.

ש ע פ ס י ל : אבער וואס פאר פאניבראטצעס האט ער מיט דיר, א? נחמה׳קע!

נ ח מ ה ׳ ק ע : (לאזט ארונטער די אויגען, שווייגט געדריקט)

ש ע פ ס י ל : (אין א מילדער שטרענגקייט) פארגעס ניט, נחמה׳קע, ווער דיין טאטע איז... און חוץ דעם, נחמה׳קע, ביזטו א כלה, געדענק!

ע ט ע ל : שוין, שוין, צו איר זיך צוגעטשעפעט!

ש ע פ ס י ל : איך רעד ניט צו דיר. (ווידער צו נחמה׳קען) נחמה׳קע! זאג מיר, וואס האט ער דא געטאן?

נ ח מ ה ׳ ק ע : (שווייגט, קוקט אין אויווען אריין)

ש ע פ ס י ל : (אויסגעהאלטען, פארשענדיג) ווער נאך איז דא געווען? חייקעל האט מיר געזאגט אז עפעס א גאנצע באנדע, א גאנצע שייקע איז געווען דא; זאג, ווער איז דא געווען?

נ ח מ ה ׳ ק ע : (שווייגט — מיט פארשלאסענע ליפען)

ש ע פ ס י ל : דו אויך, נחמה׳קע, א?...

נ ח מ ה ׳ ק ע : (שווייגט)

ש ע פ ס י ל : (שטריינג) נחמה׳קע! ווער איז דא געווען!

נ ח מ ה ׳ ק ע : (מיט א פארדרעהטען קאפ) דא איז מער קיינער ניט געווען... (לאזט ארונטער די אויגען צו דר׳ערד)

ש ע פ ס י ל : (שווייגט א רגע, באמערקט אויף איר האלדז די קרעלען, מיט אפאר בייזע אויפגעשטעלטע אויגען) אהא!... און וואס איז דאס?!

נ ח מ ה ׳ ק ע : (שטארק צוטומעלט) א — איך... איך...

ש ע פ ס י ל : (צושטעהענדיג) וואו האסטו זיי גענומען?

נ ח מ ה ׳ ק ע : (זיך דרעהענדיג, אין העכסטער פארלעגענהייט) דא איז היינט איינער... זיך ארייננעגאנגען אנווארימען... האט ער זיי מיר דערפאר געשיינקט... (וויל נאך עפעס זאגען — געפינט ניט קיין ווערטער)

ש ע פ ס י ל : (דורך די ציין) „געשיינקט“... אומזיסט

שיינקט מען ניט... וואו האסטו זיי גענומען, פרעג איך! האט „ער" זיי דיר אפשר געבראכט זאלסט קאנען געהן אויף דער חתונה צו חייקלען ?! — א, דערפאר האסטו דאס געוואלט געהן אויף דער חתונה, זאלסט קאנען ווייזען דיינע קרעלען, א? וואס וואלט מען געזאגט, נחמה׳קע, א? האסט פארלוירען דיין דרך־ארץ... צו חייקלען ווילסטו געהן אויף א חתונה: וואס פאר א מחותן׳סטע ביזטו דארט? ווער ביזטו און ווער איז חייקעל? — אבער זאג מיר שוין, ו ו ע ר האט דאס דיר געגיבען די קרעלען, „ער"?!

נ ח מ ה ׳ ק ע: (צאפלענדיג) ניין, ניין, ניט בענדעט.

ש ע פ ס י ל: ווער דען?

נ ח מ ה ׳ ק ע: (נשמה׳דיג) ער... פ — פ — פעטקע...

ש ע פ ס י ל: (אונטערגעציגדען) וואס?! ווידער גנב׳שע זאכען אין מיין הויז!... אהער גיב!

נ ח מ ה ׳ ק ע: (דערקלערענדיג) טאטעניו, טאטעניו, זיי זיינען נישט קיין גנב׳שע; ער האט זיי געקויפט, איך שווער דיר...

ש ע פ ס י ל: (ניט געענדערט) וואס טוט זיך דא וואס?! זיך גארניט אויסצוהיטען! שוין צו מיר אין שטוב קומען אויך גנבים!

נ ח מ ה ׳ ק ע: אבער טאטעניו, איך שווער דיר, ער האט זיי געקויפט און מיר געשיינקט.

ש ע פ ס י ל: פארוואס? ווארום האט ער מיר ניט גע־שיינקט?

ע ט ע ל: שעפסיל, שעפסיל! הער שוין אויף אמאל צו וואיווען! האסט זיך שוין צעוואיוועט! צו איר זיך אויך צוגע־טשעפעט! זיי ליבען זיך ביידע — האט ער איר געשיינקט.

ש ע פ ס י ל: (פלאם־פייער׳דיג) ל י ב ע ן ז י ך?!... נחמה׳קע! וואס איז דאס!... ד ו — א כלה־מויד?!... און נאך מיט וועמען — מיט א גנב?!...

נ ח מ ה ׳ ק ע: (שטיל, ליידענדיג) אבער טאטעניו, ער איז שוין מער ניט קיין גנב. ער האט מיר דערויף געשוואוירען. כ׳שווער דיר ער וועט שוין מער ניט גנב׳נען.

ש ע פ ס י ל : וואס דען איז ער?

נ ח מ ה ' ק ע : (פארטראכט זיך א רגע)... איך... איך ווייס ניט.

ש ע פ ס י ל : (פעסט) אהער גיב די קרעלען!

נ ח מ ה ' ק ע : (ציטערענדיג) טאטע...

ש ע פ ס י ל : דו, א כלה־מויד, זאלסט טראגען פרעמדע קרעלען און נאך גנב'שע?... אהער גיב!

נ ח מ ה ' ק ע : (פארטערט) אבער טאטעניו, איך שווער דיר זיי זיינען ניט...

ש ע פ ס י ל : (נעמט ארום צארט איר פנים, אין א הארציג־רירענדיגען טאן) נחמה'קוניו, מיין קינד, פארשאף מיר ניט קיין יסורים, איך בעט דיך; דו ביזט דאך מיין איינציגע טרייסט וואס איך פארמאג; איך בעט דיך, טו מיר צוליב. נעם זיי ארונטער. גיב זיי אהער... (גלעט זי פאטערליך איבערן קאפ)

נ ח מ ה ' ק ע : (שטעהט טיף געדריקט און ווי זי וואלט קעמפען מיט זיך. א שווייגען)

ש ע פ ס י ל : נו, נחמה'קעלע?

נ ח מ ה ' ק ע : (נעמט זיי ארונטער מיט ציטערדיגע הענט, גיט זיי אים איבער)

ש ע פ ס י ל : (גערירט, נשמה'דיג דערפרערעהט) אט אזוי, מיין קינד, אט אזוי... (ווארפט זיי אריין אין אויוועז ווי א טומאה) זאלסט קיינמאל פון זיי, פון די גנבים, גארניט נעמען, מיין קינד. רויב און גזלה, מיין קינד, האט קיינמאל ניט קיין הצלחה. זעהסט, אט דארט, (מיט א פינגער צו די עשרת הדברות אויף דער וואנט) דארט שטעהט: לא תגנוב, מ'טאר ניט גנב'נען — טאר מען ניט, פארשטעהסט?

נ ח מ ה ' ק ע : (שטעהט א ווילע מיט די בליקען אין אויוועז, מיט פארטערטע אויגען... רייסט זיך אפ מיט אמאל, א וויש ארונטער א טרער — אב צוריק צום טיש, לייגט צונויף די וועש)

ע ט ע ל : (שעפסלען אין זיינע לעצטע רייד, גיפטיג) וואו ישע איז דיין הצלחה, דו, ערליכער מענש? דו, וועלכער רויבסט ניט און גנב'סט ניט?

ש ע פ ס י ל : (לאזט זיך נעמען א פארטראכטער זיין שטעקען)

ע ט ע ל : (פאַרזעצענדיג, גראַבענדיג) וואו איז דיין גליק?
ש ע פּ ס י ל : (מיטן שטעקען אין האַנט) מיין גליק?...
ע ט ע ל : יאַ, וואו איז דיין גליק?...
ש ע פּ ס י ל : (מיט דער האַנט אויף דער באָרד, עטוואָס טרוי־מעריש) אַט דאַ, אין דעם שטעקען ליגט מיין גליק, עטעל...
ע ט ע ל : (יעכידנעש) אין׳ם שטעקען ...
ש ע פּ ס י ל : (מיט אראָפּגעלאָזטע אויגען) יאַ, אין שטע־קען... (שטעהט אַ פארקלערטער)
ע ט ע ל : (דורך אַ שמערצליכען געלעכטער) אפשר וואלסטו געגאנגען מיט דיין שטעקען אויף שבת איינקויפען, אַ? (לאַכט)
ש ע פּ ס י ל : (ווי זיך אויפכאַפּענדיג, דורך א ווייכען ביי־זער) נו, נו, וואַסע, וואָס „ליאַכסטו" וואָס!
ע ט ע ל : (שוואַר־זיפציג) ווייל איך קאַן שוין מער ניט וויינען — לאַך איך. מיינע טרערען האָבען מיר שוין אויסגע־טרוקענט — וויין איך דורך געלעכטער. — אוי!... (קרעכצט)
ש ע פּ ס י ל : (בלייבט שטעהן א רגע געשלאָגען... מיט אַמאָל) אַ, צו דיר זיך צוהערען... (שלעפּט אויף זיך דעם פּעלץ מיט אַ גע־פּאַסטען מוט)
ע ט ע ל : אוי, נחמה׳קעלע, ס׳איז מיר שלעכט... (פּאוזע) שעפּסיל, האָסט מיך קיינמאָל ניט געפּאָלגט, אָבער פּאָלג מיך היינט און געה ניט. געה היינט ניט, איך פיל זיך זעהר שלעכט: הלואי ליגען זאָגען, דו הערסט... — אוי, מיין זייט!... אוי!...
ש ע פּ ס י ל : (בלייבט שטעהן ווי אין פאַרלעגענהייט, קייעט א שטיק באָרד, שווייגט... מיט אַמאָל, ווידער) אַ, זיך וועלען צו־הערען צו דיין „אוי" און „וועה" וואָלט איך שוין אויך אזוי אויסגעקוקט. ליגט ווי א קוואָטשקע און קוואָקטשעט און וואָלט נאָך געוואָלט איך זאָל זיך אויך לעבען איר...
ע ט ע ל : גלויבסט מיר ניט, אַ? עי זשע שעפּסיל, טשע־קיי הייסט — וואָרט...
ש ע פּ ס י ל : וואָס זשע ווילסטו, וואָס ווילסטו? ווילסט אַז חייקעל זאָל בדיל־הדל ווערען? אַז מ׳וועט אים באַ׳גנב׳נען וועט דיר שוין זיין בעסער? אַט, נחמה׳קע, איז דאַ, וועט זי אויף דיר אכטונג גיבען. (פּאַרגאַרטעלט זיך, טראַכט)

ע ט ע ל : (סאַרקאַסטיש) נו גוט, געה, געה ; גיב אַכ־טונג אויף חייקלען, געה... (דראָענדיג) אָבער ווארט, ווארט!...

ש ע פּ ס י ל : (ווי אין אַ ראָד) וואָס זשע ווילסטו ?

ע ט ע ל : איך וויל שוין גאַרניט, איך וויל שוין גאַרניט... אויב דו האָסט אויף זיך אַליין קיין רחמנות ניט האָב איך דיר שוין גאַרניט וואס צו זאגען. געה, געה ; איך זעה דאָך, אז וואָס מער איך זאָג דיר — גלויבסטו דאָך מיר ניט, טאָ געה, געה... (נאָך אַ קורץ אַנגעצויגען שווייגען) אוי, נחמה'קעלע, נחמה'קעלע. דער גאז געהט אויס, דער קנויט ברענט שוין, א ? — אוי!... דער רויך שטיקט מיך שוין!... ס'איז מיר ענג!... (דרעהט זיך הין־און־הער... צו שעפּסלען, בייז) נו, וואָס שטעהסטו, וואָס געהסטו ניט ?...

ש ע פּ ס י ל : (שטעהט, שטעהט, ווי אַ צוגעשמידטער... רייסט זיך אָפּ מיט אַמאָל, כאַפּט דעם באשליק, ווארפט אים ארויף אויף זיך ; עס קומט אים צו שווערליך דאָס פאַרבינדען זיך, האַסטיג) נחמה'קע, פאַרבינד מיר !

נ ח מ ה ' ק ע : (מיט אויפגעשטעלטע חידוש־אויגען) געהסט טאַקע אוועק ?

ש ע פּ ס י ל : (אין אַ אין־זיך'דיגער צואוועהטאָגטקייט) א ?... דו אויך ?!... (דערעסענדיג) א !... (פאַרבינדט זיך האַס־טיג אַליין, ווי ער וואָלט וועלען וואָס שנעלער זיך ארויסכאפּען, כאַפּט זיין שטעקען — און בלייבט דאָך ווידער שטעהן... שטעהט אַפּאָר רגע'ס, ווי ער וואָלט נאָך אַלץ ניט וויסען וואָס צו טאָן... אָב מיט אַמאָל ווי פון א פייער... פּאוזע. פון דרויסען הערט זיך אַ הילכיג קלאפּען — דאָס קלאפּען פון זיין שטעקען.......)

(פאָרהאַנג)

# צווייטער אַקט

(אַ גרויסע קאַבינעט־צימער ביי חייקלען אין הויז. די זעלבע נאַכט. ווי נור דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף — הערט זיך פון דרויסען דאָס פלייסיגע קלאַפּען פון סטאַראַזש; אַ קלאַפּען פול מיט אַ בענקעניש, הארץ און נשמה; ווי ער וואָלט געוואָלט דערמיט פאַרטרייבען ניט בלויז גנבים נור אויך זיינע אייגענע פאַרשיידענע שוואַרצע, בייזע מחשבות... — אויף דער בינע איז פינסטערליך. פון אַ זייטיגער טיר, רעכטס, מערקט זיך אַ שוואַכע שיין, ווערט באַלד אויסגעלאָשען און באַלד נאָכדעם גנב'עט זיך אריין אַ פיגור פון אַ צווייטען חדר; גנב'עט זיך אַריין זעהר פאָרזיכטיג, לאָזט זיך צו די צוגעמאַכטע איבּ־ווענינגדיגע לאָדען. וואַרט אָפּ אַ רגע — ווי ער וואָלט זיך שרעקען און צו דער זעלבער צייט ווי זיך מישב זיין צו ער זאָל דאָס טאָן... שטרעקט אויס ציטערדיג די האַנט, לאָזט זיך אויפמאַכען — אַ לאָדען־סקריפּ. אַ טריט צוריק. וואַרט ווידער אָפּ.)

מ י ל ק ע : (פון רעכטס) ווער איז דאָרט!... (עס טוט ווידער אַ שלאָג אַ שיין פון זעלבען צימער... די פיגור — אָב צוריק אויף לינקס. — מילקע לאָזט זיך אריינקומען אויף די שפּיץ פינגער, בלייבט שטעהן אויף דער שוועל, פול מיט שרעק) ווער איז דאָ?... (אַ קוק — האַסטיג אָב צוריק צו זיך אין חדר, פון דאָרט עי, סטאַראַזש!... סטאַראַזש!...

ש ע פּ ס י ל : (פון דרויסען, פון אַרום יענער ריכטונג) וואָס איז? וואָס איז דאָרט?

מ י ל ק ע : כ'האָב מורא! עמיצער איז אין הויז! קומט אריין!... (פּאַוזע)

ש ע פּ ס י ל : (אַ קלאַפּ מיט אַ ווייטער טיר, האַסטיגע שווערע טריט) נעם נור אַ ליכט!

מ י ל ק ע : קומט, ס'וועט שוין זיין ליכטיג.

ש ע פּ ס י ל : נו גוט, שוועבעלעך האָב איך. קום.

מ י ל ק ע : געהט איר אויף פריער; כ'האָב מורא.

ש ע פּ ס י ל : ס'איז דאָך אָבער פינסטער, כ'וויים ניט וואוהין דאָ צו געהן; כ'בין דאָ פרעמד. (צינדט שוועבעל, טרעט צוי צו דער שוועל)

מ י ל ק ע : (הינטער אים) כ'האָב מורא, סטאַראַזש, ער קאָן אונז נאָך דערלאַנגען איבערן קאָפּ.

ש ע פּ ס י ל : ניט געשראָקען. מיט מיין שטעקען וועל איך אים אַזוי די ביינער צעקאַלאַיצען... (טרעט אריין טיפער)

מ י ל ק ע : (מאַכט נאָך אים אַ פּאָר שפּאַן ווייטער, מאַכט ליכטיג. — יעצט איז צו זעהן רייכע מעביל, בתוכם אויך אַ גרויסע קאַסע. די פּאָדלאָגע פון פּאַרקעט, געשפּרייט מיט טאַפּעטען. פון באַלקען הענגט ארונטער אַ גרויסער קרישטאָלענער לאָמפּ. די ווענט געמאָלן און באַהאַנגען מיט פארשידענע קונסט־בילדער... רעכטס און לינקס — טירען צו פארשידענע אַנדערע חדרים. איבער יעדער טיר אַ פלושענער פאָרהאַנג)

ש ע פּ ס י ל : וואָס, שוין? ווי אַזוי האָסטו דאָס געמאַכט?

מ י ל ק ע : אָט, אַ דרעה געטאָן — און שוין. איר זעהט: — אָט איז פינסטער — אָט איז ליכטיג.

ש ע פּ ס י ל : טאַקע עפּעס גאָר אַזוי ווי דאָרט... ווי שטעהט דאָס דאָרט, אין פּרק?... יהי אש — איז געוואָרען טאָג. (אַ קוק אַהין, אַהער) נו נאַרעלע, וואָס האָסטו מורא געהאַט, ווער איז דאָ דאָ?

מ י ל ק ע : קומט נור, אפשר האָט ער זיך ערגעץ באַהאַלטען.

ש ע פּ ס י ל : אָ, ס'האָט זיך דיר געמוזט אויסווייזען. דאָרט וואו שעפּסיל היט קומען ניט קיין גנבים. — אָבער קום פונדעסטוועגען, קום; אַ קשיה אויף אַ מעשה, גנבים בלייבען גנבים. דערשמעקען זיי נור אַ חתונה איז ווי אַ הון פּראָסע. אָבער אַ קריינק! ניט ביי שעפּסלען. קום! (הויבט אויף דעם שטעקען ווי אויף צו דערלאַנגען, אָב מיט מילקען אין אַ צווייטען חדר — ער אויף פריער, זי נאָך אים. פּאוזע. טרעטען צוריק אַריין)

נו, זעהסט, ניטאָ קיינער. האָט זיך דיר געמוזט חלומ'ען. גע־שלאָפען, אַ?

מ י ל ק ע : ביין. כ'האָב זיך ערשט געוואָלט לייגען שלאָ־פען, נור אַזוי ווי איך האָב נור אויסגעלאָשען די עלעקטריק.

ש ע פ ס י ל : די וואָס האָסטו אויסגעלאָשען?

מ י ל ק ע : די עלעקטריק. נאָך קיינמאָל ניט געהערט דערפון?

ש ע פ ס י ל : ניט געהערט, ניט געזעהן. וואָס איז דאָס אַזעלכעס? (שלאָגט אָן זיין ליולקע)

מ י ל ק ע : אָט, די שיין, דעם לאָמפּ.

ש ע פ ס י ל : אָ, דעם לאָמפּ — דאָס פאַרשטעה איך. אָבער ווי הייסט דאָס דאָרט?... ביי מיין זיידענס זיידען ניט גע־זעהן; הלואי אויף ווייטער.

מ י ל ק ע : (לאַכט)

ש ע פ ס י ל : נו, נו, איז וואָס־זשע געווען נאָכדעם ווען דו האָסט אויסגעלאָשען דעם — דעם לאָמפּ? (פאַררויכערט)

מ י ל ק ע : אַז איך האָב אויסגעלאָשען איז געוואָרען פינסטער. האָב איך זיך איינגעדעקט...

ש ע פ ס י ל : און איינגעשלאָפען געוואָרען.

מ י ל ק ע : איך זאָג — איך בין נאָך ניט געשלאָפען.

ש ע פ ס י ל : איז ניט. איז וואָס זשע געווען?

מ י ל ק ע : מיט אַמאָל איך הער — אַ סקריפּ, און עפּעס אַזוי ווי מיט די לאָדען!

ש ע פ ס י ל : מיט די לאָדען?! (טריט צו, באַקוקט זיי) אַ, דו נאַרישע, דאָס איז מסתמא געווען פון פראָסט.

מ י ל ק ע : וואָס?

ש ע ג ס י ל : אודאי! ביי דיר אַ נייעס? אַהאַ! נאָך ווי אַזוי! — אָבער ווי דאָ איז ליכטיג און וואַרעם — אַ חיות!... (נעמט ארויס זיין פלעשעל, טרינקט) ווילסט אביסעל?

מ י ל ק ע : בראַנפען טרינקען?

ש ע פ ס י ל : איז ניט. — איי־איי־איי, ווי שעהן דאָ

איז... אַך, וואָס פֿאַר אַ ליכטיגער לאָמפּ!... (מיט אַ פֿינגער אויף דער קאַסע) און וואָס איז דאָס?

מ י ל ק ע : דאָס... (שפּאַסיג) דאָ ליגט דאָך דער הונט באַגראָבען.

ש ע פּ ס י ל : אַ הונט? באַגראָבען? צו וואָס?

מ י ל ק ע : (דורך געלעכטער) ער איז גע׳פּגר׳ט, האָט מען אים באַגראָבען.

ש ע פּ ס י ל : אַזוי!... נו און... (ציינגט אָן וואָס מיינט: צו ער פֿילט זיך ניט)

מ י ל ק ע : חלילה!

ש ע פּ ס י ל : האָסט אים אַליין געזעהן אַהער אריינ־ לייגען?

מ י ל ק ע : געזעהן האָב איך ניט, אָבער דער בעל־הבית האָט מיר אַזוי דערצעהלט.

ש ע פּ ס י ל : צו וואָס? נאָך אין אַזאַ שעהנער שאַפע...

מ י ל ק ע : דערויף איז ער דאָך בעל־הבית. וואָס קענט איר אים טאָן? (שטיקט זיך פֿון געלעכטער)

ש ע פּ ס י ל : מם, אַן הצלחה פֿון אַ הונט... — אָבער וואָס לאַכסטו?

מ י ל ק ע : וואָס איר זענט מקנא אַ גע׳פּגר׳טען הונט. (אַ שיס אוים אַ כאַ־כאַ־כאַ, פֿאַרשווייגט)

ש ע פּ ס י ל : זאָל דאָס טאַקע זיין אמת? ניין, עפּעס איז דאָ ניט גלאַט. זאָג נור, נאַרסט מיך אָפּ? דערויף וואָס איך וויים ניט קאָן מיך אַ קינד אָפּנאַרען.

מ י ל ק ע : איך? חלילה!... (אָב אויף אַ זייט, שטיקט זיך אין די פֿויסטען)

ש ע פּ ס י ל : (טרעט צו צו דער קאַסע, לייגט זיך צו מיט דער נאָז) אַז אַנטיק, ביי מיין וואָרט! ס׳זאָל זיך דאָס עפּעס פֿילען... נו יאָ, ווייזט אוים טאַקע אַז מ׳איז רייך איז מען נאַריש. נעמט מען אַ נבלה און מע באַהאַלט אין אַזעלכע שאַ־ פֿעס און מ׳האַלט דאָס נאָך אויפֿ׳ן פֿיינדעל. — אַך, ווי וואַרים, ווי ליכטיג... זאָג נור, איאָ דער לאָמפּ איז אַ צוועלפֿער?

מ י ל ק ע : (דורך אַ נייעם פּארקרימטען געלעכטער) כ'ווייס ניט...

ש ע פּ ס י ל : וואָס לאַכט זי, די קליינע? וואָס דען, ניט קיין צוועלפער?

מ י ל ק ע : (שטיפעריש) צוועלף און אַ האַלבס.

ש ע פּ ס י ל : אַ, נאַרסט מיך אָפּ, כ'זעה שוין. נו יאָ, אודאי, וואָס דען, כ'האָב דאָס געזעהן ביי מיין טאַטען, וואָס? דאָס איז דאָך דאָס ערשטע מאָל אַז איך בין אין אַזאַ הויז. וואָס ווייס איך, נאַרעלע? גאָרניט. מער פון חייקעל'ס סקלאַד דאָרט אין סטעפּ מיט מיין זעמליאַנקע האָב איך דאָך נאָך גאָר־ניט אין מיין לעבען געזעהן. אָט אַזוי איז שוין באַלד... יאָ, שוין באַלד דרייסיג יאָר אַז איך בין דאָרט שומר... יאָ, ווייזט אויס, פאַראַן מענשען וואָס לעבען זיך דאָך שעהנער פון מיר... אָבער גאָרניט... דאַנקען גאָט, ניט צו פאַרזינדיגען... מסתמא... מסתמא איז דאָך זיי אַזוי באַשערט און מיר אַזוי... און אויב סע אַ זאַך וואָס איז אָנגעצייכענט פון אויבען...

מ י ל ק ע : וואָס האָט איהר געזאָגט, שוין דרייסיג יאָר אַז איהר זענט סטאָראָזש?

ש ע פּ ס י ל : יאָ, שוין דריי צענדליג יאָר... אָט אַזוי איז מיין טאַטע אָפּגעווען אַ קלאָפּער ביי זיין טאַטען כל ימיו און איך ביי אים — ביי חייקלען.

מ י ל ק ע : דרייסיג יאָר!

ש ע פּ ס י ל : (רויכערט אַ רגע, זעצט פאָר) מיינסט אודאי אַז זיין טאַטע איז געבוירען געוואָרען אַ גביר? אַ נעכטיגער טאָג. אויך געווען אַ קבצן אין זיבען פּאָלעס, ווי איך. נור יאָ, אַ קלוגער איז ער געווען; אַ גרויסער קראַטי.

מ י ל ק ע : אַ וואָס?

ש ע פּ ס י ל : אַ דרעה־קאָפּ הייסט דאָס, פאַרשטעהסט ניט? נו, האָט ער גענומען אַ מיידעל, מיט נדן, חתונה געהאַט, גענומען דעם נדן, זיך געשטעלט האַנדלען, שמאַנדלען, שווינדלען, שינדלען, געמאַכט זיך אַ קלייטעלע פון קוילען; נאָכדעם אַ גרע־סער קלייטעלע; פון קלייטעלע איז געוואָרען אַ קראָם; פון דער

קראָם — אַ סקלאַד... און אַט אַזוי צוביסעלעך, צוביסעלעך האָט ער געוואַקסען און געוואַקסען ביז ער האָט זיך טאַקע צעוואַקסען — ווי אַ פּורים־קוילעטש. האָט אָנגעהויבען האַלטען מענשען און אַזוי פאַמעליך — געוואָרען אַ גביר. און מיין טאַטע — איז אויך געווען אַ קבצן, גלייך מיט אַלע קבצנים; אַ מטופּל מיט קינדער, אַ שלים־מזל און געפּעכנעט זיבען מאָל אַ טאָג פאַר הונגער אַלע זיבען טעג אין דער וואָך; אָבער טאַקע ווי אין פּסוק שטעהט: ויאכלו — קדחות מיט רביעית!... איז ער אַוועק צו חייקעל׳ס טאַטען אַרבייטען... האָט חייקעל׳ס טאַטע געאַרבייט און געוואַקסען אַ גביר פון טאָג צו טאָג און מיין טאַטע האָט נאָך שווערער פון אים געאַרבייט און אויסגעוואַקסען אַ קבצן. אָבער טאַקע — הגדול, הגבור והנורא, פאַרשטעהסט?... אַט אַזוי האָט זיך חייקעל׳ס טאַטע דעראַביעט צו אַ סקלאַד, אַריין אין די פעדערען און ווען מיין טאַטע האָט שוין מער ניט געקאָנט אַרבייטען, דער אַלטער סטאַראָזש האָט זיך מיט עפּעס דאָרט חוטא־בעגל געווען, האָט מען דורך פאַרשידענע זכות־אָבות אַריינגענומען מיין טאַטען פאַר אַ סטאַראָזש... דעם אַלטען סטאַראָזש פון דער זעמליאַנקע אַרויסגעפּעקעלט און אונז אַריינגעפּעקעלט. נו, בין איך אויסגעוואַקסען דאָרט אין זעמליאַנקע און חייקעל, דאָ ביי זיין טאַטען... אַז חייקעל איז געוואָרען גרעסער האָט אים זיין טאַטע גענומען צו זיך אין סקלאַד אַריין, אים געמאַכט פאַר אופּראַוולי‌אַיעשטשע, ער זאָל אַכטונג גיבען אויף די אַרבייטער, פּירען דאָס געשעפט און איך — ווען איך בין אונטערגעוואַקסען האָט מיך מיין טאַטע אויך מיטגענומען מיט זיך: מיך געלערענט אַרבייטען און זיין אַ געטרייער אַרבייטער, קאָנען גרוזען וואַגאָנעס, טראָגען זעקס און זיבען פּודאָווע זעק קוילען, זאַלץ, שלעפּען פּעסער הערינג, אויספּאָמפּען גאַנצע קעסלען קעראָסין — און נאָך אַזעלכע בכבוד׳יגע עבודה׳ס... אַט אַזוי זיינען זיך געגאַנגען די טעג מיט די יאָרען ביז חייקעל׳ס טאַטע איז געשטאָרבען, מיין טאַטע איז געשטאָרבען; חייקלען איז געבליבען אַ סקלאַד און מיר — אַ שטעקען!... און אַט אַזוי קלאַפּ איך ביז היינטיגען טאָג... נור גאָרניט, דאַנקען גאָט

דערפאר. ניט צו פארזינדיגען דאס אויך. אבי קיין פרעמדס ניט אנצורירען. פרעמדס, מיין קינד, נישט אנצורירען דארף זיין ביי יעדען דאס הייליגסטע. אט אזוי האט מיך מיין טאטע געלערענט און אזוי איך לערן איך מיינע קינדער...

מ י ל ק ע : (דורך א געניץ) מיין טאטענס רייד, ביי מיין ווארט. פלעג מיר אויך שטענדיג זאגען: ווען מע נעמט ביי יענעם צו אפילו א ביינוועל האט מען זיבען יאר דעם דלות.

ש ע פ ס י ל : יא, יא... היט אפ יענעמס וועט יענער דיינס אפהיטען.

מ י ל ק ע : א, אונזער בעל־הבית׳ס ווערטער.

ש ע פ ס י ל : יעדער ערליכער מענש דארף דאס געדענקען.

(קורצע פאוזע. רויכערט)

מ י ל ק ע : האט איר עפעס קינדער?

ש ע פ ס י ל : סע א שאלה; וואס דען, וואס פאר א איד און נאך א קבצן האט דאס ניט קיין קינדער?

מ י ל ק ע : שוין עפעס אויסגעגיבענע?

ש ע פ ס י ל : אט ווען מיין עלטסטער זון זאל ניט גע־ווען שטארבען וואלט ער שוין אפשר איצט האבען חתונה געהאט.

מ י ל ק ע : פון וואס איז ער געשטארבען?

ש ע פ ס י ל : האט געארבייט מיט מיר, פארשטעהסטו מיך; א געזונטער יונג איז ער געווען, האט ער איינמאל גע־וואלט צייגען א בראבראסט — האט ער א כאפ געטאן פאר זיך א שווערע משא און... און זיך אונטערגעריסען. צו דעם האט ער זיך נאך שטארק פארקעלטערט, האט ער שוין אזוי לאנג געקרייענקט ביז... ביז ער איז געשטארבען. א טייערער בחור געווען, אן ערליכער...

מ י ל ק ע : און די איבריגע קינדער?

ש ע פ ס י ל : די איבריגע?... האב איך נאך פינף... נייז, ס׳הייסט פיר.. איינע, א נחמה׳קעלע, א טייער קינד, מיר זאל זיין פאר איר; שוין א יאר אכטצען; שוין א כלה.

מ י ל ק ע : האט איר הייסט דאס פינף, צי פיר?

ש ע פּ ס י ל : פינף האָב איך געזאָגט?... ניין... פיר!... נחמה׳קען מיט נאָך דריי קליינע אינגעלעך.

מ י ל ק ע : (געניצט)

ש ע פּ ס י ל : נו, גיי שלאָפן און איך׳ל נאָך ארויסגעהן אין דרויסען. — (קלאַפּט אונטער זיין ליולקע, קוקט מיט אַ שמייכעל אויף דער קאַסע) נור דער הונט קאָן מיר פון קאָפּ ניט ארויס. אַ פּאָדלע — און אין אַזאַ שעהנער שאַפּע... (שטעהט, וואונדערט זיך)

מ י ל ק ע : (מעסט אים אָפּ מיט אַ געלעכטער — אָב אין אַ זייטיגער טיר)

ש ע פּ ס י ל : (מאַרשירט ארום איבערן צימער, קוקט זיך צו צו אַלעס, באטראַכט, חידוש׳ט זיך, געהט ארום פון איין חפץ צו אַ צווייטען, באקוקט דעם טיש, פּרובירט אים, גאַפּט אויף זיין פעסטקייט) פּס... וויזט אויס אַ דעמבענע... (בויגט זיך אָן צו דער פּאָד־לאָגע, באטאַפּט דעם קאַוויאַר, קאָן זיך ניט אָפּוואונדערן) איי־איי־איי, אַזעלכע טייערע זאַכען — אונטער די פיס... וואָס פאַר נאַרישע מענשען... (לאָזט זיך שוין אויפהויבען, מערקט מיט אַמאָל אונטערן טיש ליגען אַ אויפגעמאַכטע אַסיגנאַציע) געלט?... (ישוב׳ט זיך צו זאָל ער זיך גאָר אַפילו צו דעם צורירען; לאָזט זיך פּאַוואָלינקע, ווי מאַגנעטיש, צוריק ארונטער, קוקט זיך איין ווי ניט גלויביג...) טאַקע געלט!... (הויבט דאָס אויף מיט האַלבע הענט, ביים שפּיץ פון בלעטעל) פינף רובעל?... פינף רובעל — און וואַלגערען זיך אונטערן טיש... ווען גיט מען דאָס אָפּ?.. דער דינסט? ניין... אַליין אָפּגיבען חייקלען...

מ י ל ק ע : (אריין) נו, געהט. איך וויל מאַכען נאַכט.

ש ע פּ ס י ל : קום נור אַהער... הער נור...

מ י ל ק ע : כ׳וויל שוין ניט הערען, כ׳וויל שלאָפען. (לעשט אויס די עלעקטריק, אָב)

ש ע פּ ס י ל : (לייגט אריין דאָס בלעטעל אין קעשעניע, נעמט דאָס אַרויס, לייגט דאָס איבער אין אַ צווייטער, רוקט ארונטער דאָס פּעלצעכע היטעל איבער די אויערען, נעמט דעם שטעקען, אָב. אַ ווײלע שפּעטער הערט זיך ווידער זיין קלאַפּעריי. — די פיגור

טרעט צוריק ארויס, עפענט מיט דער גרעסטער פּאָרזיכטיגקייט דעם לאָדען, דאָס פענסטער. עס שיינט אריין די לבנה. דורך דער לבנה־שיין איז צו מערקען אַז די פיגור איז — פעטקע.)

בייזער וואָלף, בענדעט, גדליהו וואָרעניק, יונגער וואָרעניק, מיקיטא פעלץ, ווילנער נאַשער, טרובאַליאַט: (הויבען אָן אַלע אַריינצוקריכען דורכן פענסטער, אַנדערע בלייבען איבער פון יענער זייט)

בענדעט: (צו די דרויסענדיגע) איר שטעהט דאָ און שטעלט אַוועק איינעם פון אייך אויף שמירה. (צו פעטקען) צום טייוועל! וואָס אַזוי לאַנג? האָסט אונז געוואָלט אויספּרירען?

פעטקע: אָ, זיך געוואָלט שוין איינגאַנצען ארויס־דרעהען.

בענדעט: (אויפגעברויזט) וואָס?! וואָס פאַר הינ־טישע דיבורים זיינען דאָס?!

פעטקע: בענדעט! דיין טאַטע איז דאָ היינט „שמש“. דאָס קלאַפּט ער.

בייזער וואָלף: (קייכענדיג) אַ פוילע קאַץ בלייבט אַ פוילע קאַץ.

ווילנער נאַשער: אביסעל איז טאַקע אפשר פעטקע גערעכט. דיין טאַטען, בענדעט, וואָלט מען טאַקע אפשר ניט באַדאַרפט טשעפּען.

בענדעט: אָ, ברעכט מיר אַלע דעם קאַרק! זאָל זיך זיין דער טאַטע און ווער עס וויל זיך!... — וואָס שטעהט איר?

פעטקע: בענדעט... בעסער קום...

בענדעט: (נעמט אים דורך מיט אַ שפּאָטישען געלעכטער)

פעטקע: נו גוט... איך ניט...

בענדעט: (רציחה'דיג) וואָס!... אפשר נאָך אַוועק צו די מענטשעם אויך!

פעטקע: אָ, מענטשעם... איך געה אַהיים... (אָב צום פענסטער)

בענדעט: געה, געה, דו לויז!... (בלייבט שטעקען

אויף אים מיט אַ בליק — אַ בליק פון באַהאַלטענער קנאה, האַס — אַ געמיש פון פאַרשידענע געפילען)

פּ ע ט ק ע : (ארויסשטעלענדיג אַ פוס פון יענער זייט) קום אויך, בענדעט... פאָלג מיך, פאַרשמיר ניט דעם טאַטען...

ב ע נ ד ע ט : (מיט אַמאָל) שטעה, דו צעקראַכענער הע־רינג! דו וועסט ניט אוועק!... (מיט אַ פולער האַנט פון פעטקעס אַרבעל) אַט דאָ זיי מיט אונז, דו פוילע קאַץ, דו! (אַ שלעפּ אריין צוריק)

מ י ל ק ע : (צייגט זיך אונטערן פאַרהאַנג, שטעהט אַ רגע — פארשווינדט)

פּ ע ט ק ע : (שוין ווידער אינוועניג, בעטענדיג) בענדעט...

ב ע נ ד ע ט : (חיה׳ש) שטיל!... אָדער איך שנייד דיר אוים דיין צונג!... (מיט אַ פוס אין דיל) אַט אַט דאָ זיי!... (ווילד) און איר — וואָס שטעהט איר?...

א ל ע : (חוץ פעטקען און בענדעטען — אַב אין פאַרשידענע חדרים, הויבען אָן טראָגען פון דאָרט געשמאַק כלערליי חפצים צום פענסטער, גיבען זיי איבער צו די וואָס אין דרויסען)

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : (מיט אַ פּאָר כלים אין האַנט) אַד, אַ פאַרגעניגען צו אַרבייטען ווען דער שמירה׳ר קלאַפּט צו.

ו ו י ל נ ע ר נ א ש ע ר : (מיט אַ גרויסען סלאַי איינ־געמאַכטס און מיט אַ זילבערנעם לעפיל, כאַפּט אַלע מאָל אַ נאַש) ברענען זאָל זיי די צונג, ווייסען וואָס גוט איז... (באַלעקט זיך, נאַשט, טראָגט דעם סלאַי צום פענסטער, קאָן זיך מיט אים ניט שיידען, ביז אַ האַנט פון יענער זייט רייסט אים אַרויס)

מ י ק י ט א פּ ע ל ץ : (מיט מלבושים איןביידע הענט) אַט דאָס איז אַ פוטער! כאַטש אין דרויסען מיט אים צו שלאָ־פען!... — (דאָס קלאַפּען פון סטאַראָזש הערט אויף, אַ פייף)

א ל ע : (לויפען זיך צוזאַמען, קוקען זיך איבער מיט שטומע צומישטע בליקען, צושטעלען זיך אין די ווינקלען)

ט ר ו ב א ל י א ט : אַנוקאַ מיקיטאַ, מאַך נור גרייט דיין פּעלץ!

מ י ק י ט א  פ ע ל ץ :  (וואַרפט אַרונטער פון זיך זיין שווערען בגד, שטעלט זיך אויף אַ זייט, ביים אַריינגאַנג... פּאַוזע)

ש ע פּ ס י ל :  (טרעט אויף פאַרזיכטיג, שטעלט זיך אָפּ אויף דער שוועל, מיטן שטעקען אין דער לופטען)  עי, גנבים, וואו זיינט איר?  (אַ שווייגען)  אַרויסט פון דאַנעט!  (אַ שווייגען. מאַכט אַ טריט טיפער)

מ י ק י ט א  פ ע ל ץ :  (וואַרפט אים אַרויף דעם פעלץ אויפן קאָפּ)

ש ע פּ ס י ל :  (ראַנגעלט זיך, קעמפּפט מיט זיי)

ב י י ז ע ר  ו ו אָ ל ף :  (רייסט אַרויס ביי אים דעם שטעקען)

י ו נ ג ע ר  ו ו אַ ר ע נ י ק :  לאָמיר אים בינדען!

ט ר ו ב אַ ל י אָ ט :  קאָן נאָך אַרויספליהען!

ב ע נ ד ע ט:  בינדט אים צום שטול!

ו ו י ל נ ע ר  נ אַ ש ע ר :  (שפּאַסיג)  מ'דאַרף אים גיבען פאַרזוכען אַביסעל איינגעמאַכטס.

מ י ק י ט א  פ ע ל ץ :  אים מוז זיין קאַלט פון פראָסט. לאָמיר אים „דערוואַרימען"!

ב ע נ ד ע ט :  נישט מער ווי בינדען!

פּ ע ט ק ע :  בינדען אויך ניט! אָפּלאָזען דאַרף מען אים און אליין אויך מאַכען פּלטה!

ב ע נ ד ע ט :  דו שווייג! — אַ טישטוך אַהער!

ב י י ז ע ר  ו ו אָ ל ף :  (כאַפּט אַרונטער דאָס סערוועט פון טיש, בינדט שעפּסלען דאָס מויל און אויגען)

ב ע נ ד ע ט:  מיטן פּנים צו דער וואַנט!

פּ ע ט ק ע :  לאָזט אים פריי!

ב י י ז ע ר  ו ו אָ ל ף :  ניט דיין געשעפט!

ב ע נ ד ע ט :  (צו פּעטקען)  דו שווייג — אָדער דו קריגסט דאָס אויך באַלד!

ב י י ז ע ר  ו ו אָ ל ף :  אַ פוילע קאַץ!... רעד נאָך אויס אַ וואָרט — שטעק איך דיר אַריין מיינע ציין!

װ ו י ל נ ע ר נ א ש ע ר : סמעטענע לעקעז קאַז דאָס נור!

פ ע ט ק ע : ער (שעפּסיל) װעט נאָך דערשטיקט װערעז!

ג ד ל י ה ו װ א ר ע נ י ק : נו יאַ, דאָס איז ער גע־רעכט. דאָס מויל װאָלט מען אים באַדאַרפט פּרײַלאָזען, בלויז די אויגען פאַרבינדען.

ב ע נ ד ע ט : נו, זאָל זײַן אַזוי. בינדט אים אָפּ דאָס מויל!

ג ד ל י ה ו װ א ר ע נ י ק : אָבער נור דאָס מויל, ניט די אויגען.

ב ע נ ד ע ט : לאָז נור! מיט דעם פאַרשאָלטענעם קלאַ־פּער װיל איך זיך אַלײן מתעסק זײַן!.. (בינדט אים אָפּ דאָס מויל)

ש ע פּ ס י ל : בענדעט!... דאָס ביזטו!.. פאַרנעם זיך מיט דײַן שײקע זאָג איך דיר!... אַרויס, דו בענעדעק גנב דו. אַרויס!

ב ע נ ד ע ט : אַרויסטרײַבען קאָנסטו מיך פון דײַן שטאָל, אָבער ניט פון דאַנעט!

ש ע פּ ס י ל : גערענק זשע, בענעדיק דו, גערענק!

ב ע נ ד ע ט : װאָסע, װער ביזטו מיר זאָלען פאַר דיר מורא האָבען, מיר זאָלען דיך הערען?

ש ע פּ ס י ל : טשעפּע דאָ גאָרניט זאָג איך דיר! דו הערסט!

ב ע נ ד ע ט : װאָסע, דײַנס נעמען מיר?

ש ע פּ ס י ל : אָט װײַל ס׳איז טאַקע ניט מײַנס! ס׳איז פרעמדס!... נעמט שוין בעסער מײַן נשמה נור רירט דאָ גאָרניט ניט אָן! ס׳איז דאָ אַלעס פרעמדס!

ב ע נ ד ע ט : (דורך געלעכטער) פרעמדס, פרעמדס, א!... יאָ, בינדט אים אויף די אויגען! זאָל ער זעהן אונזער אַרבײט מיט אָפענע אויגען!

ט ר ו ב א ל י אָ ט : דאָס ניט, בענדעט, דאָס ניט, זאָל ער אונז ניט זעהן.

י ו נ ג ע ר װ א ר ע נ י ק : ער טאָר אונז ניט זעהן!

מ י ק י ט א  פ ע ל ץ : ער קאָן אונז נאָך אַלעמען פאַר־שמירען.

ו ו י ל נ ע ר  נ א ש ע ר : דאָס איז אַפילו ניט אין זיין טבע.

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : ניין, ניין! ווי טאָר מען דאָס?!

ב ע נ ד ע ט : אויפבינדען האָב איך געזאָגט!

ב י י ז ע ר  ו ו אָ ל ף : בענדעט! איך וועל דאָס ניט לאָזען! ער איז אַפילו דיין טאַטע, אָבער ער האָט אין זיך צופיל פריציש בלוט ער זאָל וויסען ווער מיר זיינען!

ב ע נ ד עט : (מעשה־אַטאַמאַן, רציחה׳דיג) אויפבינדען!

ב י י ז ע ר  ו ו אָ ל ף : (טוט דאָס)

ב ע נ ד ע ט : און איר! וואָס שטעהט איר ווי די גולם׳ס! נישטאָ שוין מער גאָרניט וואָס צו טאָן?!

א ל ע : (חוץ שעפסלען, פעטקען און בענדעטען — ווידער אָפּ אין פאַרשידענע טירען)

ש ע פ ס י ל : איר פאַרשאָלטענע, רירט דאָ גאָרניט ניט אָן! דאָ איז אייערס גאָרניט ניטאָ!

ב ע נ ד ע ט : (דורך געלעכטער) דאָ איז ניט נור אונזערס נור אויך דיינס! ד י י נ ס ! . . . דו האָסט דאָ דעם גרעסטען חלק, דו געשטראָפטער נאַר, און כאָטש דו ביזט מיין פאָטער!... פאַר דיינע דרייסיג יאָר שווערע ארבייט קומט דיר מער ווי דו פאַרמאָגסט — אַ צעבראָכען בעט מיט אַ פאַררויכערט לעמפּיל!... וואוהין איך געה גנב׳נען, און אַהער — אַהער בין איך געקומען אָפּנעמען דאָס וואָס איז אונזערס!... נור אויב דו האָסט דער־רויף קיין שכל ניט...

ש ע פ ס י ל : שווייג, דו בענעדיק גנב דו, שווייג!... פאַרדעד מיר נור ניט די ציין!... ארויסט פון דאַנען! ארויסט פון דאַנעט, גנבים! (רייסט זיך אין שטול) אררררויסט!

טרובאַליאַט, בייזער וואָלף, יונגער וואַרעניק: (קומען אריין מיט זילבערנע און גאָלדענע כלים)

ב י י ז ע ר  ו ו א ל ף : (צו שעפסלען, איבערקרימענדיג, שפאָטיש) „פרעמדס“, „פרעמדס“... (אָב צום פענסטער)

ב ע נ ד ע ט : אָט זעהסטו וויפיל רויב און גזלה דאָ איז באהאלטען, א? ווען עס איז דאָס, דו פארקלאָפּטער סטאראזש־קאָפּ!

ש ע פּ ס י ל : (רייסט זיך מיט אַלע כחות) אָ, לאָזט מיך אָפּ, לאָזט מיך אָפּ, איר רויבערס! — בענדעט, בענדעט, וואוהין טראָגען זיי, וואוהין?

ב ע נ ד ע ט : צו זיך! צו אונז! צו דיר! מיר ווילען אויך אַ חלק פון זיין אַנגעראַבעוועטען קריגען!

ווילנער נאַשער, מיקיטא פעליץ, גדליהו ווארעניק : (טראָגען אריין פארשידענע זאַכען, גיבען זיי איבער צו די פון יענער זייט פענסטער)

ש ע פּ ס י ל : מע טאָר דאָס ניט ,בענדעט, מע טאָר דאָס ניט! גאָט וועט דיך שטראָפען דערפאר; אייך אַלעמען שטראָפען!

ע ט ל י כ ע : (פלאַצען אויס אַ געלעכטער)

ב ע נ ד ע ט : (לאַכענדיג) נישקאָשע, נישקאָשע, גאָט איז אויך מיט אונז. ער שטראָפט אונז נור דאַן ווען מיר באהאַלטען ניט גוט.

ש ע פּ ס י ל : (הארציג) ער וועט דיך שטראָפען, ער וועט דיך שטראָפען! שווער שטראָפען, בענדעט!

ב ע נ ד ע ט : (פאַרביטערט) אונז צו ער וועט שטראָפען צו ניין, דיך שטראָפט ער שוין...

ש ע פּ ס י ל : אָ, פאַרבינד מיר שוין בעסער די אויגען! זאָלען דאָס כאָטש מיינע אויגען ניט זעהן! פאַרבינד מיר, פאַר־בינד מיר!

ב ע נ ד ע ט : ניין, טאַטע, ניין, ניט אום דו זאָלסט ניט זעהן האָב איך דיר געהייסען די אויגען אויפבינדען. אָט דאָס וויל איך טאַקע. קוק, זעה! זעה וואו דער שוויים פון דיין בלוטיגער הארעוואַניע פאַר אַלע דיינע דרייסיג יאָר ליגט באַ־גראָבען!... — (צו זייניגע) איצט צו דער קאַסע!

שעפסיל: (אויפגעציטערט) דארט איז גארניט ניטא! טשעפּעט דארט גארניט, טשעפּעט ניט, איך בעט אייך...

בענדעט: ווער האט דאס דיר אזוי געזאגט אז דארט איז גארניט ניטא?

שעפסיל: איך ווייס, איך ווייס! מער ווי א גע׳פגר׳טען הונט וועט איר דארט גארניט געפינען, — אבער טשעפּעט ניט!

אלע: (שיסען אויס א ווילדען געלעכטער, נעמען זיך געשמאק צו דער ארבייט — עפענען די קאסע)

בענדעט: אט זעהסטו וואס מע דערצעהלט דיר, א! גע׳פגר׳טע הינט ליגען דארט, יא?

בייזער וואלף: קום ׳הער, בענדעט, דיין האנט פעהלט דא אויס.

בענדעט: הערסט? גע׳פגר׳טע הינט פארשליסט מען אזוי אז מע זאל דארפען אזא פויגעל ווי איך צום עפענען! אט באלד וועסטו זעהן וואס פאר א גע׳פגר׳טער הונט סע ליגט דארט... (דרעהט אויס שעפסלען מיטן פנים צום געלט־קאסטען) אפילו דא נארט מען דיך אויך אפ, דו פארשאלטענער תם וואס דו ביזט!... — (עפענט די קאסע, נעמט ארויס געלט, פאפירען) נא, קוק; וואס זאגסטו יעצט?

שעפסיל: רירט ניט אן, רירט ניט אן, ס׳ניט אייערס! (א געלעכטער) בענדעט, בענדעט! ווי לאנג וועל איך נאך רעדען צו דיר?... — א, שפּאלט מיר שוין בעסער מיין קאפּ ווען איך קאן דאס דיר ניט טאן! — (א געלעכטער) — איז ניטא קיין איינער צווישען אייך א מענש מיט א הארץ?!

פּעטקע: בענדעט! צו ביזטו א שטיין? קאנסטו ניט פארשטעהן דיין טאטען?

בענדעט: ניין! איך פארשטעה אים ניט און וויל אים ניט פארשטעהן; נישטא וואס צו פארשטעהן!

שעפסיל: (הילפלאז) אוי, מערדער וואס דו ביזט!...

בענדעט: דו אליין ביזט נאך מער מערדער אויף זיך! ווילסט איך זאל אויף דיר רחמנות האבען — ניין, אזעלכע ווי

דו קאָנען קיין רחמנות ניט ארויסרופען... — (באצייכענט די חברה צו פאַרלאָזען)

בייזער וואָלף, טרובאַליאַט, מיקיטאַ פּעלץ, ווילנער נאַשער, יונגער וואַרעניק, גדליהו וואַרעניק: (קריכען ארויס, פאַרשווינדען)

בענדעט: (פּאַנגט אָן אויך ארויסצוקריכען)

שעפּסיל: (בלייבט זיצען האַפנונגסלאָז, פאַר'חלש'ט) אָה... אָה—ה—ה... (ווערט איינשוויגען, לאָזט ארונטער דעם קאָפּ האַלב טויט אויף דער ברוסט)

פּעטקע: (קוקט די גאַנצע צייט אויף שעפּסלען מיט אַ טיפען מיטלייד)

בענדעט: (צו פּעטקען) נו, וואָס ביזטו דאָרט גע־בליבען שטעהן?

פּעטקע: (טוט זיך אַ לאָז צום פענסטער; אַ בליק צוריק אויף שעפּסלען, שטעלט זיך אָפּ מיט אַמאָל) וואַרט נור!

בענדעט: וואָס פאַר אַ וואַרטעניש, קום!

פּעטקע: עפּעס איז ניט גלאַט מיט דיין טאַטען! קום נור אַ קוק טאָן, עפּעס צו שטיל געוואָרען! (קערט זיך אום, אַ קוק —) קום נור אַהער, בענדעט, שנעל! ער איז פאַר'חלש'ט!

בענדעט (לויפט האַסטיג צו — מונטערן אים, פירען אים צום פענסטער)

פּעטקע: אפשר רופען אַ דאָקטאָר? — (אַ פייף צו די דרויסענדיגע)

שעפּסיל: (קומענדיג צו זיך) ווער זענט איר?

בענדעט: (ווייך) וואָס איז? וואָס איז דיר?

שעפּסיל: וואָס? דו? ווידער דו?! אַ, לאָז מיך שוין בעסער שטאַרבען! לאָזט מיך שטאַרבען!

פּעטקע: ניין, שעפּסיל, איר טאָרט ניט שטאַרבען; איר האָט אַ פרוי, איר האָט קינדער.

שעפּסיל: און ווער ביזטו? אויך אַ גנב! — גנבים! גיט אָפּ וואָס איר האָט גע'גנב'עט!

בענדעט: טאַטע... בארוהיג זיך... ווארום זאָלסטו

ניט וועלען פארשטעהן... מיר האבען דאך בלויז ביי אים אפּ־גענומען...

ש ע פ ס י ל : (אין איין אָטעם) איר האט צוגענומען מיין נשמה, מיין נשמה האט איר צוגענומען... (דורך טרערען) קערט זי מיר אום, קערט זי מיר אום!... (וויינט)

פ ע ט ק ע : בענדעט! וואס טוסטו, ווילסט טרייבען דעם אלטען פון דער וועלט? אויב דו האסט ניט קיין רחמנות אויף אים, טראכט פון דיין שוועסטער, מיט די איבריגע קינדער...

ב ע נ ד ע ט : (שווייגט)

פ ע ט ק ע : זאל איך זיי אומקערען צוריק? דארט ווארטען זיי.

ב ע נ ד ע ט : (שווייגט)

פ ע ט ק ע : (אב צום פענסטער, א פייף. — צו שעפסלען) נו, שוין.. איצט זייט רוהיג. אלעס וועט זיין צוריק אויף זיין פלאץ. (דורך א לייכטען שמייכעל) מיר וועלען אייך אומקערען צוריק אייער נשמה.

ש ע פ ס י ל : (כאפט אָן דעם לעצטענס האנט, טיף גערירט) טייערער מענש, ווער ביזטו?

פ ע ט ק ע : דאס בין איך דאך — פעטקע!

ש ע פ ס י ל : (ווייך) ווי זשע קומסטו אהער? כ'האב דאך געהערט אז דו ביזט שוין געווארען אוים גנב.

פ ע ט ק ע : נו... זיך נישט געקאנט העלפען...

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : (אונטערן פענסטער) וואס איז? וואס איז די חזירה?!

ע ט ל י כ ע : (פון דארט) וואס פאר א מאניפארגעס!

פ ע ט ק ע : טראגט אלעס אריין צוריק!

נ ד ל י ה ו ו ו א ר ע נ י ק : וואס איז דאס, בענדעט? וואס איז דאס פאר דיבורים, א?

ב ע נ ד ע ט : (מיט א פינגער אויף פעטקען) פרעגט אים און פאלגט אים...

ע ט ל י כ ע : (פון דרויסען) אהא!... שוין א נייער שררה!.. (קריכען אלע ניט גערן צוריק מיט די פעקלעך)

בײזער װאָלף: (מיט אַ גרויסען פּאַק אויף זיך, צו בענדעטען, כעס'יג) שוין אַ נײעם ראש!...

בענדעט: (געשלאָגען) פּעטקע װעט אײך שוין אַלעם דערצעהלען.

עטליכע: (װאַרפען זיך דורך מיט בײזע פאַרװאונדערטע בליקען)

יונגער װאָרעניק: געארבײט פאַרן רוח!

מיקיטא פּעלץ: סאַטאַנאַ!...

בײזער װאָלף: אָבער װאָס איז די חזירה?

פּעטקע: (רופט זײ אַלע אָפּ אין אַ צװײטען חדר)

בענדעט: (שטעהט נאָכדענקענדיג און װי געדריקט... מאַכט צו דאָס פענסטער, די לאָדען, לאָזט ארונטער די פאַרהאַנגען, מאַכט ליכטיג)

עטליכע: (קומען אַרײן, טראָגען אונצופרידען צוריק די פּעקלעך אויף זײערע פריערדיגע פּלעצער)

שעפּסיל: (קוקט זיך צו צו אַלעם מיט װאונדער־בליקען, האַלט אָן אויג אויף יעדען אײנעמס באַװעגונג)

גדליהו װאָרעניק: (הויבט אויף װי פאַרשלאָ־פען אַ פּעקעל, אונטער דער נאָז) געארבײט אומזיסט!... (אָב)

יונגער װאָרעניק: (אויך אַזוי) דעם רוח'ס משרת געװען!... (אָב נאָכן לעצטען — אין אַ זײטיגער טיר)

בײזער װאָלף: װאָלט כאָטש געװען אַ ביסעל משקה, צו אַלדע שװאַרצע יאָר!

מיקיטא פּעלץ: סאַטאַנאַ!... זיך אָנגעפּרװירען װי אַ הונט און פּאַר גאָרניט!

װילנער גאַשער: קומט נור אַ זוך טאָן עפּעס מיט װאָס זיך צו דערװאַרימען; ערגעץ מוז זײן.

בײזער װאָלף: אַנו קומט נור זיך אַ שאָקעל טאָן; זײ דאַרט אויף דער חתונה װעלען זשליאַקען צוזעצטערהײד און אונז דאַ זאָלען די העלזער טריקענען?

װילנער גאַשער: קומט נור אויסטרײסלען עפּעס אַ גאַש. (לאָזען זיך צו פאַרשידענע טירען)

שעפּסיל: טשעפּעט ניט, טשעפּעט ניט. אויב משקה, וועל איך אייך גיבען מיין אייגענע, נור טשעפּעט גאָרניט. (נעמט ארויס זיין פלעשעל, דערלאַנגט זיי) נאַט, טרינקט, דערוואָרעמט זיך, נור רירט דאָ גאָרניט אָן, איך בעט אייך... (דאָס פלעשעל געהט אַרום פון איינעם צום צווייטען) און דו, בענדעט, פאָלג מיך, מיין קינד, לייג אַריין צוריק דאָס געלט.

בענדעט: (שטעהט אַ פאַרצווייפעלטער, שווייגט)

שעפּסיל: (אומאַרמט אים תחנונים'דיג) גלויב מיר — מע טאָר ניט... טו מיר צוליב, מיין זון... (שטעהט פאַר אים ווי צוזאַמענגעבראָכען — גרייט אים צו פאַלען צו די פיס)

בענדעט: (קעמפּט מיט זיך, דרעהט זיך ארום, סאַרקאַס־טיש) „מע טאָר ניט"... (מיט אַ פאַראַכטענדען בליק אויפ'ן לעצטען, מער אפּארט) אָ, דו דום־קאָפּ!... (קורצע פּאַוזע)

שעפּסיל: (ניט אָפּלאָזענדיג, ווי פריער) נו?... מיין קינד...

בענדעט: (אָפּרייסענדיג, פול מיט פאַרדראָס, פאַר זיך) צום טייוועל!... (וואַרפט אריין פול מיט רציחה צוריק דאָס געלט אין קאַסע)

שעפּסיל: (צושמייכעלט זיך מיט אַ גליקליכען יום־טוב'דיגען שמייכעל — ווי די שכינה וואָלט זיך מיט אַמאָל אנט־פּלעקט אויף זיין פּנים)

פּעטקע: (מיט די איבריגע טרעטען אויף צוריק)

בייזער וואָלף: (מיטן פלעשעל אין האַנט) נו, אַלטער, האָסט מזל: אז איך זאָל ארויסלאָזען לעבעדיג אַ שע־פּעלע פון מיינע ציין... דאָס איז דאָס ערשטע מאָל זינט איך בין בייזער וואָלף... (טרינקט)

גדליהו וואָרעניק: (איבערנעמענדיג דאָס פלע־שעל) נור פאַרשיטסטו אונז, שעפּסיל — געדענק!

ווילנער נאַשער: אָ, דאָס איז ניט אין זיין טבע.

שעפּסיל: איי, נאַראָנים וואָס איר זענט: איך וויל אייך בעסער זעהן אַלס גוטע מענשען אויף דער פרייהייט איידער שלעכטע אין אסטראָג.

מ י ל ק ע : (ציינט זיך ווידער אויף דער שוועל הינטערן פאָרהאַנג. פון זייטיגער טיר, שטעהט דאָרט אונבאמערקט — הערט זיך איין)

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : (צו שעפסלען) אַט דאָס, אַלטער, האָסטו גוט געזאָגט. (נעמט איבער דאָס פלעשיל) איך טרינק פאַר דיין געזונט, אַלטער. (טרינקט) יעצט טרינק דו פאַר אונזער פרייהייט. (דערלאַנגט אים די משקה)

ש ע פ ס י ל : איי קינדער, קינדער... (נעמט דאָס פלעשעל — אַ טרונק. נעמט ארויס פון בוזעם אַ שטיק ברויט — פאַרבייסט)

מ י ל ק ע : (פארשווינדט האַסטיג)

ש ע פ ס י ל : גלוסט זיך אייך פירען אַ לעבען וואָס קיין הונט וואָלט איך דאָס ניט געוואונשען. איר האָט דאָך שטענדיג מורא אפילו פאַר אַ שאָטען.

ט ר ו ב א ל י א ט : גערעכט, אַלטער, גערעכט. ניט נור פאַר אַ פרעמדען שאָטען נור אפילו פאַרן אייגענעם...

פ ע ט ק ע : אפילו פאַרן גערויש פון מינדעסטען בלעטעלע...

ש ע פ ס י ל : ווער זשע צווינגט אייך דערויף?

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : אַ, אַלטער, בעסער פרעג ניט!

ש ע פ ס י ל : אָבער, קינדער, וואָלט דען ניט פיל בעסער געוועזען פאַר אייך ווען איר וואָלט לעבען ווי מענשען?

ג ד ל י ה ו ו א ר ע נ י ק : ווי אַזוי?

י ו נ ג ע ר ו ו א ר ע נ י ק : אַזוי ווי דו, אַלטער?

ב ע נ ד ע ט : (גיפטיג) „ווי מענשען"!... פגר'ן פון הונגער און אויסגעהן מיט די ווייב און קינדער פון קעלט, נויט און . . .

ש ע פ ס י ל : נו, ניט אַלע קאָנען דאָך אָבער האָבען די כהונא.

י ו נ ג ע ר ו ו א ר ע נ י ק : (דורך געלעכטער) די וואָס?

ש ע פ ס י ל : נו אָט, איך מיין דאָס גוטע מזל, אַ גוט לעבען.

בייזער וואָלף: (מיט פייער) אַ, פֿלוידער ניט, אַלטער! ווייסט ניט וואָס דו רעדסט. וואָס ווייסטו פֿון אַ כהונא?... ווער סע זאָגט זיך אָפּ, אַלטער, פֿון דער כהונא און שטרעבט ניט צו דעם — דער שטעלט זיך אַליין אין קונע!... אַזעלכער שטעהט אין אַ ווינקעלע מיט די קנים אויפֿן זאַמד און מיטן העמדעלע איבערן קאָפּ אַלע זיינע יאָרען — און אַלע לאַכען פֿון אים!

שעפּסיל: און וואָס מיינסטו מיט דיין גנב'נען? מיינסט אַז גאָט שטראָפֿט ניט דערפֿאַר? ווארום מיינסטו פֿוילט איר אין די אַסטראָגען? מיינסט גאָט זעהט ניט די טרערען פֿון באַ'גנב'עטען?

בייזער וואָלף: ניין! גאָט הערט בלויז דעם געלעכטער פֿון זיגער!.. אָט איך אַליין, ווי דו קוקסט מיך אָן, בין שוין אויך אַמאָל געוועזן אויפֿן פֿערד; נור אָט, פֿאַר מיין גוטס־קייט, אַלטער, האָט מען גענומען און מיך אַרונטערגעוואָרפֿען... עט, בעסער ניט צו רעדען. כ'וועל אפשר אַמאָל זיין ביי דיר אין אַ פֿרייערער צייט וועל איך דיר דערצעהלען, וועסטו וויסען.

שעפּסיל: צו מיר אין הויז — ניין, ניין, דאָס ניט: מוחל, מוחל... (אַ קלונג פֿון אַ זייטיגען חדר)

אַלע: (שווידערן אויף, דרעהען אוים די עלעקטריק)

בענדעט: (צו שעפּסלען, אויפֿגערודערט) וואָס באַדייט דאָס?

איינציגע: (לאָזען זיך אין פֿאַרשידענע חדרים)

אַנדערע: (אָב צום פֿענסטער, שטעהען דאָרט גרייט צו אַנטלויפֿען)

שעפּסיל: שששש... נור רוהיג. באַלד אויסגעפֿינען. (נעמט דעם שטעקען, אָב אין יענער ריכטונג)

בייזער וואָלף: (מיט אַ דראָהענדיגען פֿינגער) אָבער, אַלטער!... זעקס!... (דאָס מיינט — האַלט מויל!)

שעפּסיל: ניט געשראָקען... (ווידער אַ קלונג, אָב אונטעראיילענדיג)

פּעטקע: (אָב נאָך שעפּסלען אויף די שפּיץ פֿינגער, שטעלט

זיך אונטערן פאַרהאַנג, שטעהט דאָרט פול מיט מורא — ווי אַ ציטער־דיגער בלאַט, און אַזוי כמעט קוקען אויך אוים די איבריגע. קורצע פּאַוזע)

ש ע פּ ס י ל : (פון צווייטען חדר) נחמה׳קע! ווי קומסטו אהער? אזוי שפּעט?

נ ח מ ה ׳ ק ע : קום גיך אהיים, טאַטע; די מאַמע... די מאַמע האַלט שמאַל...

פּ ע ט ק ע : (צו די באהאַלטענע, דערפרערהט, האַסטיג) קומט אריין, קומט אריין. ס׳אַן אייגענער. (פארשווינדט. — די באַהאַלטענע קומען צוריק ארוים)

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : נו, קאַמאַנדאַ, נישטאַ דאַ מער וואס צו טאָן, מאַרש.

ב ע נ ד ע ט : (לאָזט זיך אין דער ריכטונג וואו נחמה׳קע געפינט זיך)

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : (אַ שלעפּ פאַר׳ן אָרבעל) עי, אטאַמאַן, נו, וואָס זאָגסטו ועגען דעם וואָס מיר האָבען גערעדט? ווי בלייבט דאָס?

ב ע נ ד ע ט : (צוטראַגענדיג) אַ, מיר וועלען זעהן. מיר קאָנען זיך דאָך ניט אוועקשטעלען דאַ אויסמאַכען פּלענער.

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : נו יאַ, דאָס מאָל ביזטו גערעכט. (רעדט מיט די איבעריגע ווי אַגיטירענדיג)

ב ע נ ד ע ט : (לאָזט זיך ווידער צו יענעם צימער)

ג ד ל י ה ו ו ו א ר ע נ י ק : (פארהאַלטענדיג) און ווי בלייבט דאָס וואָס „מיר" האָבען גערעדט?

ב ע נ ד ע ט : (שטיל) מיר וועלען דאָס איבעררעדען מיט דער מאַמען.

ג ד ל י ה ו ו ו א ר ע נ י ק : אָבער ד ו ווילסט דאָס?

ב ע נ ד ע ט : האָבען מיר דאָך שוין גערעדט. זאָל זי נור זיין געזונט. — וועסט דאָך שפּעטער זיין דאָרט.

ג ד ל י ה ו ו ו א ר ע נ י ק : קום שוין.

ב ע נ ד ע ט : ד׳וועל באַלד אָנקומען. געהט דערווייל — נור מיט אויגען.

ש ע פ ס י ל : (פון צווייטען חדר, צו נחמה'קען) וואס זשע ביזטו געקומען צו מיר? וואס בין איך א דאקטער? — אבער ווארעם זיך אן; ווי דו ציטערסט...

נ ח מ ה ' ק ע : יא, כ'בין איבערגעפרוירען. (קורצע פאוזע) נו, טאטע, געהסט?

ש ע פ ס י ל : וואס רעדסטו, נאריש קינד, ווי קאן איך געהן?

ט ר ו ב א ל י א ט : (צו בענדעטען) ווער איז דאס די מיידעל?

ב ע נ ד ע ט : מיין שוועסטער.

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : נו, קומט.

נ ח מ ה ' ק ע : ווער רעדט דאס דארט? (לאזט זיך אריינקומען)

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : (און די איבעריגע שטעלען זיך אפ)

ש ע פ ס י ל : (צו נחמה'קען, אפהאלטענדיג) וואוהין איז מיין קינד? זיי דא.

נ ח מ ה ' ק ע : (אריבערטרעטענדיג די שוועל) בענדעט?! אהער אויך געקומען?!...

ב ע נ ד ע ט : וואס טוט די מאמע?

נ ח מ ה ' ק ע : (אב אויף א זייט, פאראכטענדיג) מעגסט זיך שעמען... (טרעט אריין טיפער)

ב ע נ ד ע ט : (נאך איר נאך, א כאפ פארן אקסעל) וואס טוט די מאמע, פרעג איך!

נ ח מ ה ' ק ע : (דורך האס) האלט ביים שטארבען!

ב ע נ ד ע ט : ווארום זשע האסטו זי איבערגעלאזט אליין?

נ ח מ ה ' ק ע : וואס זאל איך איר טאן?

ב ע נ ד ע ט : ווארום ביזטו ניט אוועק נאך א דאקטער?

נ ח מ ה ' ק ע : מיט וואס? מיט די ליידיגע הענט?

ב ע נ ד ע ט : (שארט אין די קעשעניעס נאך געלט)

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : עי, פוילע קאץ! וואו ביזטו דארט? קריך ארויס, אנשלאפען געווארען?

נ ח מ ה ׳ ק ע : (אויפגעטרייסעלט) וואס? פעטקע איז אויך דא?!

מ י ק י ט א  פ ע ל ץ : עי, האז, שפרינג ארוים! (לאכט, לאזט זיך בגנבה צום טישטוך, וויקעלט דאס צוזאמען, רוקט דאס אין בוזעם)

ש ע פ ס י ל : (אריין, באמערקט דאס) עי, עי, פעלץ! דיין בוזעם איז מיר צו הויך! וואס האסטו דארט?

מ י ק י ט א  פ ע ל ץ : (אונטערשטאמלענדיג) איך . . . כ'האב'ס נור גענומען אויף קאטאוועס... געוואלט זעהן צו עס ווארעמט עפעס... (שלעפט דאס צוריק ארויס)

ש ע פ ס י ל : (שמערצליך) איי ווייסע־חברה'ניקעס, ווייסע־חברה'ניקעס... (נעמט דאס צו, פארשפרייט צוריק ווי געווען) נו, אייטע, אייטע; שטעלט פים איידער עמיצער קומט אן. נור שא, שטיל, אנשטענדיג.

א ל ע : (אב — חוץ בענדעטען, שעפסלען און נחמה'קען)

ב ע נ ד ע ט : (שלעפט אפ נחמה'קען אויף א זייט, רעדט מיט איר, גיט איר געלט)

ש ע פ ס י ל : (ווי נור ער מערקט דאס) וואס איז דאס? וואס פאר געלט נעמסטו ביי אים?

נ ח מ ה ׳ ק ע : אויף א דאקטער.

ש ע פ ס י ל : נעם ביי אים קיין געלט ניט!

נ ח מ ה ׳ ק ע : אבער איך דארף דאך.

ש ע פ ס י ל : כ'היים ניט!

נ ח מ ה ׳ ק ע : גיב זשע דו מיר.

ש ע פ ס י ל : (א טאפ אין קעשעניע, רייסט אפ די האנט) כ'האב ניט... געה אריבער צום דאקטער פון שפיטאל.

נ ח מ ה ׳ ק ע : שוין געווען. וויל ניט געהן אומזיסט. (לויפט ארום הין־און־הער, אום זיך צו דערווארימען)

ש ע פ ס י ל : ווארט, אפשר באלד די דינסט אריינקומען, וועל איך ביי איר אויסלייהען.

נ ח מ ה ׳ ק ע : א, ווער ווייסט וואוהין זי איז אוועק.

ש ע פ ס י ל : זיי דא, כ'וועל זי געהן א זוך טאן. (אב אונטעראיילענדיג)

פ ע ט ק ע : (טרעט ארויס מיט האַלבע טריט, בלייבט שטעהן אויף דער שוועל מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגען)

ב ע נ ד ע ט : (צו פּעטקען וועגען נחמה'קען) זעה נור ווי סע ציטערט אביסעל...

פ ע ט ק ע : נחמה'קע!... (טרעט צו צו איר)

נ ח מ ה ' ק ע : געה, געה.

פ ע ט ק ע : (וויל זי ארומנעמען) אָבער נחמה'קע...

נ ח מ ה ' ק ע : רעד ניט צו מיר! האָסט געשוואוירען און . . .

פ ע ט ק ע : זיי מיר מוחל, נחמה'קע... אז איך בין אזוי פּאַרבאָרען אין חובות...

נ ח מ ה ' ק ע : מיט קיין גנבות צאָלט מען נישט קיין חובות!

ב ע נ ד ע ט : וואָסע, וואָסע, טאַטענס טאָכטער מיינע! וואס דען האָט ער געזאָלט טאָן? וואס האסטו זיך אין אים אנגעטשעפּעט! ווייניג וואָס דו האָסט ניט קיין העמד אויף דיין לייב און קיין שיך אויף די פיס ווילסטו אים אויך פאַר אזעלכען מאכען, דו איבערגעפּרווירענער בוריק דו!

נ ח מ ה ' ק ע : (האַלט אין איין ציטערן, לויפט אַרום הין־און־הער, קאָן זיך ניט דערוואַרימען)

ב ע נ ד ע ט : (צו פּעטקען) זעה נור אירע שיך! (אַ טריט צו נחמה'קען) קום נור אהער.

נ ח מ ה ' ק ע : געה, געה!

ב ע נ ד ע ט : (נאָך איר נאָך) קום 'הער, טאַטענס טאָכ־טער מיינע, כ'וועל דיך ניט אָפּבייסען. (לאָזט זיך זי אָננעמען)

נ ח מ ה ' ק ע : אוועק, אין דר'ערד זאָלסטו אריין!... פריער אים אָנגערופען גנב, האָט ער זיך צעוויינט... האָב איך געמיינט אַז אמת... און איצט איז ער נאָך אהער אויך געקומען... ווילסט גנב'נען, געה אין דר'ערד אריין ערגעץ אנדערש, כאָטש נישט דאָ! וואָס ווילסטו, מע זאָל נאָך דעם טאַטען ארויס־טרייבען אויך!

ב ע נ ד ע ט: ער וועט גארניט אנווערען, האב ניט מורא. זיינע גליקען... הלואי טרייבט מען אים ארויס.

נ ח מ ה ׳ ק ע: (אב אין א ווינקעל, אפארט) אוי, מיינע פיס, מיינע פיס!... פאלען מיר שיר נישט אפ... (ציט ארונטער די שיך און זאקען, ווארעמט זיך) אך, אך...

ב ע נ ד ע ט: (אויפגערייצט דורך ליבע) וואס פאר משוגעים, דער רוח זאל אייך נעמען!... (לויפט צו, רייבט איר די פיס... לויפט אפ ווילד אין א צווייטען חדר)

פ ע ט ק ע: (נעמט זיך אויך איר דערוואַרימען די פיס, הויבט אויף זיי מיט א הארציגער איבערגעבענקייט) אך, גאט! וואס פאר ליבע פיסעלעך און אין אזעלכע צעריסענע שקראבעס פול מיט שנעע!

נ ח מ ה ׳ ק ע: (ווערט זיך לייכט — נור האלט זיך) בעסער טראגען אזעלכע שקראבעס און אייגענע איידער געפוצטע און פרעמדע; בעסער זיין ארים און ערליך איידער רייך און פארדארבען.

פ ע ט ק ע: (קוקט איר אין מויל אריין, הערט זיך איין מיט ביידע אויערען)

נ ח מ ה ׳ ק ע: עסען איינמאל אין טאג א טרוקענעם סעבער און וויסען אז איך האב ביי קיינעם גארניט צוגענומען, קיינער וועט אויף מיר ניט וויינען, — איידער עסען גאלדענע מאכלים און סע זאל זיין מיט א צווייטענס טרערען דורכגעווייקט.

פ ע ט ק ע: אלעס אמת, נחמה׳קעלע; אביסעל איז דאס טאקע אזוי, אבער נאך ניט אינגאנצען. און איבערהויפט דער פראסט, מיין טייערע, ווייסט ניט פון קיין מיינס־דיינס... אין צעריסענע שיך פארגעהען זאשפערעס... אט זעהסטו דאך... (ווארעמט איר די פיס מיט זיין אטעם. קורצע פאוזע)

נ ח מ ה ׳ ק ע: (מיט אמאל) א, געה, לאז מיך אפ! (רייסט דעם פוס)

פ ע ט ק ע: נחמה׳קעלע...

נ ח מ ה ׳ ק ע: לאז מיך אפ!

פ ע ט ק ע: נחמה׳קע!

נ ח מ ה ׳ ק ע : האָסט מיך אָפּגענאַרט, כ׳בין אויף דיר ברוגז! (רייסט אוים דעם פּוס, וואַרעמט זיך אַליין)

ב ע נ ד ע ט : (לויפט אַריין) נאַ, טו אָן! (דערלאַנגט איר אַ פּאָר שיך)

נ ח מ ה ׳ ק ע : וואו האָסטו זיי גענומען?

ב ע נ ד ע ט : ניט דיין עסק! טו אָן!

נ ח מ ה ׳ ק ע : אויב גנבה׳שע שיך, וועל איך ניט אָנטאָן.

ב ע נ ד ע ט : טו אָן, און שנעל! מע דאַרף גהען צו דער מאַמען און טאַמער קומט דאָ נאָך עמיצער אָן. זיך שוין אַזוי אויך דאָ פאַרזעסען ווי אויף אַ חתונה. — נו!

נ ח מ ה ׳ ק ע : איך וועל ניט אָנטאָן!

ב ע נ ד ע ט : טו אָן, זאָג איך!

נ ח מ ה ׳ ק ע : קיין גנבה׳שע שיך וועל איך ניט טראָגען! (לאָזט זיך אַרויםשלעפּען אירע אייגענע)

ב ע נ ד ע ט : דו וועסט שוין יאָ אָנטאָן! (רייסט זיך מיט איר)

פּ ע ט ק ע : אָבער, נחמה׳קע, אַז דו וועסט שוין ווערען אַ קאַליקע, וועט דיר שוין זיין בעסער?

נ ח מ ה ׳ ק ע : אַז איך׳ל זיין אַ קאַליקע, וועל איך ליבערשט בעטען אַ נדבה און ניט גנב׳נען.

ב ע נ ד ע ט : (רייסט אוים די אַלטע שיך, דערלאַנגט איר די אַריינגעבראַכטע) טו אָן, זאָג איך!

נ ח מ ה ׳ ק ע : (פאַרשליידערט זיי)

ב ע נ ד ע ט : (כאַפּט זיי אונטער, שלעפּט זיי אויף איר קעגען איר ווילען)

נ ח מ ה ׳ ק ע : לאָז אָפּ!... — טאַטע, טאַטע, וואָס וויל ער פון מיר?!

ב ע נ ד ע ט : דער טאַטע וועט דיר דאָ גאָרניט העלפען. כ׳וועל אייך ביידען דער׳הרג׳נען!... (שלעפּט אַרויף אייבעם, נעמט זיך צום צווייטען)

נ ח מ ה ׳ ק ע : (וואַרפט אַרונטער דעם ערשטען)

ב ע נ ד ע ט : (צו פעטקען) וואס שטעהסטו? האלט איר צו די הענט!

פ ע ט ק ע : נחמה'קע, איצט איז בענדעט גערעכט.

נ ח מ ה ' ק ע : ט א ט ע ! . . . (רייסט זיך אויס, לויפט ארום אין איין שוך נאך אירע אייגענע)

ב ע נ ד ע ט : (כאפט זיי אונטער, ווארפט זיי ארויס דורכן פענסטער, כאפט נחמה'קען, בינדט זי צו א שטול, ציט ארויף דעם צווייטען שוך)

נ ח מ ה ' ק ע : ט א ט ע ! וואוהין ביזטו אוועק? וואס וויל ער פון מיר?

ש ע פ ס י ל : (אריין, צושראקען) וואסע, וואס איז דא!

נ ח מ ה ' ק ע : שלעפט אויף מיר גנבה'שע שיך!

ב ע נ ד ע ט : (טוט זיך זיינס, לאכט)

ש ע פ ס י ל : וואס! — אוועק, אין דר'ערד זאלסטו אריין, דו, דו דו... (שטויסט אפ בענדעט'ן, בינדט זי אפ) טו אויס די שיך, שוין!

נ ח מ ה ' ק ע : (הילפלאז) ער האט מיינע אין שנעע אריינגעווארפען.

ש ע פ ס י ל : אויסטו!

ב ע נ ד ע ט : (אריין אין דער מיט) זי וועט זיי ניט אויסטאן!

ש ע פ ס י ל : אוועק, א נכפה אויף דיר! (מיטן שטעקען איבער אים) אוועק!

ב ע נ ד ע ט : דיין שטעקען וועט דיר דא ווייניג וואס העלפען. (כאפט אים אויס)

ש ע פ ס י ל : (עקסטאזיש) בענדעט!...

ב ע נ ד ע ט : טאמער ווילסטו, מאך איך דיר פון אים שטיקלעך...

ש ע פ ס י ל : צעברעכסטו מיין שטעקען, זאלסטו אין אסטראג פארפוילט ווערען!...

ב ע נ ד ע ט : (פייערדיג) וואס?! — (א ווילדען טראג דעם שטעקען מיט ביידע הענט צו דער קני)

נ ח מ ה ' ק ע : (אונטערשפרינגענדיג) בענדעט!... (האלט אים אָפּ) אפלאז!... (האמפּערט זיך מיט אים ביז זי רייסט דעם שטעקען אויס)

ש ע פּ ס י ל : (כאפּט אים אונטער) אזוי!... (מיט א הויבענדיגער ברוסט) מיין שטעקען ווערסטו מיר צעברעכען!... (פאַרטראָגט זיך אויפ׳ס׳ניי)

ב ע נ ד ע ט : (ניט אָפּטרעטענדיג, דורס׳דיג) האסט מיך געשאָלטען!... ווארט!...

פּ ע ט ק ע : (אריין צווישעןביידען) נו, זאָל שוין זיין! גענוג אייך! וואָס האָט איר זיך דאָ פּארנומען... דאָרט ליגט א מענש טויט־קראַנק און דאָ טאָמער קומט עמיצער אָן... וואו זענט איר? אויף א בית־עולם? וואָס פּאר א שלאָגען זיך!... (עס ווירקט)

ב ע נ ד ע ט, ש ע פּ ס י ל : (טרעטען אָפּ איינער פון צווייטען, ווי צוויי אויפגערייצטע לייבען)

פּ ע ט ק ע : (נאָך א קורצער פּאוזע) נו, וואָס וועט זיין מיט א דאָקטער?

ב ע נ ד ע ט : גיה שנעל, נחמה׳קע, אהיים און איך׳ל געהן נאָך א דאָקטער.

ש ע פּ ס י ל : דו געה נאָך א דאָקטער.

ב ע נ ד ע ט : איך וועל געהן!

ש ע פּ ס י ל : דו געה צו דיינע גנבים! איך דארף ניט קיין גנבים זאָלען מיר העלפען! (צו נחמה׳קען) נו, וואָס שטעהסטו?

נ ח מ ה ' ק ע : כ׳האָב קיין געלט ניט.

מ י ל ק ע : (צייגט זיך ווידער אונטערן פּאָרהאַנג)

ש ע פּ ס י ל : געלט?... (פאַרטראָגט זיך מיט דער האַנט צו דער קעשעניע — רייסט זי אָפּ; א פּאָר שפּאַן הין־און־צוריק, אפּאַרט) געלט!... וואָס טוט מען?... (פאַררוקט די האַנט אין טאַש) גיבען איר די פינף רובעל?... (נעמט ארויס צוריק די האַנט א לעדיגע) אַך, גאָט!... וואָס טוט מען?...

נ ח מ ה ' ק ע : נו, טאַטע, האָסט געלט — גיב ׳הער.

ש ע פ ס י ל : (איבערלעבענדיג) געלט, געלט, געלט... (פארוקט ווידער די האנט אין קעשעניע) נו, נא, דא האסטו פינף רובעל... און גיט איר מיט ציטערדיגע הענט)

מ י ל ק ע : (פארשווינדט)

ש ע פ ס י ל : נור פארליר ניט. זעהסט... פינף רובעל... דאס איז א שטיק פון מיין נשמה, פון מיין הארצען... (אפארט) אוי, גאט! וואס וועט זיין? וואס וועט זיין?... (רייסט זיך אפ פון געדאנק, מיט אמאל) און איר, גנבים, שוין ארויסט פון דאנעט. שוין! און דענקט נור ניט צו קומען ווידער צו מיר אין שטוב אריין!

ב ע נ ד ע ט : צו אים אין שטוב אריין... אין זיין „פא־לאץ", כא־כא־כא... וואסע, וואס האסטו אזוי מורא, ביי דיר דעם דלות צונעמען?

ש ע פ ס י ל : געה, געה, כ'וויל דיך ניט קאנען...

ב ע נ ד ע ט : ערשט מיך גערופען — קינד און זון און... און ווילסט מיך ניט קאנען...

ש ע פ ס י ל : טאמער טרעף איך דיך אין שטוב, דו הערסט!...

ב ע נ ד ע ט : וואסע, וועסט מיר פארווערען קומען צו דער מאמען? דיך פאר א טאטען האב איך שוין פארלוירען, אבער די מאמע...

ש ע פ ס י ל : (דורך א מין אויפערזוכט, איבערקרימענדיג) די מאמע...

ב ע נ ד ע ט : יא, זי איז מיר מער מוטער ווי דיר ווייב...

ש ע פ ס י ל : (צומישט) וואס?!

ב ע נ ד ע ט : (שטעכענדיג) איך האב אויף איר מער רעכט אלס קינד ווי דו אלס מאן... קאנסט מיר קיין דעה ניט זאגען, איך זאל צו איר ניט קומען... און וועסטו מאכען קונצען מיט מיר — וועל איך זי ביי דיר אינגאנצען צונעמען!

ש ע פ ס י ל : (אויפגעטרייסעלט) וואס?!

ב ע נ ד ע ט : (דורך א שפיציגען שמייכעל) יא, יא...

נ ח מ ה ׳ ק ע : בענדעט, ביזט משוגע געווארען!

בענדעט: (צו שעפסלען) נור ווארט, מיר וועלען זיך נאָך זעהן...

שעפסיל: (שטעהט ווי עטוואָס פארטשאַדעט און איבער־לעבענדיג...)

בענדעט: (פאַרזעצענדיג) דו וועסט זי ליגען אין דר'ערד אריין, אין קבר אריין טרייבען, און איך דענקסטו וועל זעהן און שווייגען ווי ביז אהער... (פול מיט ביטערקייט) מיר נאָך פאַרווערען קומען צו איר געוואר ווערען... ווארט... קום, פעטקע! (אָב צו דער טיר)

פעטקע: זאָל זיך שוין נחמה'קע אָנטאָן, וועלען מיר געהן צוזאמען.

שעפסיל: (ווי אויפגעכאַפּט) געהט, געהט! זי איז ניט אייער קאָמפּאַניאָן; וועט טרעפען אָן אייך.

פעטקע: (לויפט צו שנעל צו נחמה'קען, שטיל) כ'וועל ווארטען פאַר דיר אין דרויסען, יאָ?

נחמה'קע: (בייז) ביזט געקומען מיט אים — געה מיט אים!

פעטקע: (מצער'דיג) נחמה'קע...

נחמה'קע: וועסט מיך שוין מער ניט אָפּנארען! (אָב פון אים אויף אַ זייט)

בענדעט: אַ, צו וועמען רעדסטו דאָרט?! דאָס איז דאָך דעם טאַטענס טאָכטער. — קום!

פעטקע: (אויפגערעגט) יאָ, דער טאַטע מיט די בייד־נער!... (אָב צוזאַמעןטאָגט מיט בענדעטען)

נחמה'קע: (טוט זיך אָן, וויקעלט זיך ארום, מאַכט זיך גרייט)

שעפסיל: (פארבינדט איר פּאָטערליך דעם שאַל, פאַר־קנעפּעלט זי)

נחמה'קע: (בעטענדיג) טאַטע, קום אויך. די מאַמע איז דאָך דאָרט אַליין. ביז איך'ל ברייגען דעם דאָקטער...

שעפסיל: וואָס רעדסטו, טאָכטער, ווי קאָן איך אי־בערלאָזען דאָס הויז? מאידעך אַז איך ביז דאָ געוועזען און די

שאיקע האָט זיך אַריינגע׳גנב׳עט, היינט אַז איך׳ל אָוועקגעהן. געה, געה, מיין קינד. גאָט וועט העלפען. גאָט פאַרלאָזט קיינ־מאָל ניט דעם ערליכען אין זיין נויט. געה.

נ ח מ ה ׳ ק ע : (לאָזט זיך צו דער טיר)

ש ע פ ס י ל : שטעה נור... די שיך! ניין, דאָס זיינען פּרעמדע שיך, מיין קינד.

נ ח מ ה ׳ ק ע : כ׳האָב דאָך אָבער ניט מיינע. בענדעט האָט זיי מיר אין דרויסען אַרויסגעוואָרפען, אין שנעע אַריין.

ש ע פ ס י ל : וועל איך זיי דיר אַריינגעמען. (אָב)

נ ח מ ה ׳ ק ע : (מיט אַ וואונדער־בליק אויף אַלעס אַרום זיך) אַך, ווי דאָ איז וואַרעם און שעהן... און אַזוי ליכטיג!... וואָס פאַר אַ פּאַל, וואָס פאַר ווענט... (דורך אַן אויסגעוואַקסענעם געדאַנק) ווארום זשע זאָל דאָס מיין טאַטע אויך ניט האָבען אַזאַ שטוב?... (שטעהט פאַרטראַכט, פּאַוזע)

ש ע פ ס י ל : (ברייגט אַריין אירע אַלטע שקראַבעס) נו, נעם, מיין קינד, וואַרף אַרונטער די פּרעמדע שיך און טו אָן דיינע; דיינע אייגענע שיך.

נ ח מ ה ׳ ק ע : (טוט דאָס געהאַרכזאַם) טאַטע, כ׳וויל דיך עפּעס פרעגען: — ווארום האָסטו אויך ניט אַזאַ שעהנע שטוב מיט אַזאַ פּאָל, מיט אַזעלכע ווענט, מיט...

ש ע פ ס י ל : ניט אַלע, מיין קינד, קאָנען האָבען אַזעל־כע שטיבער.

נ ח מ ה ׳ ק ע : ווארום זשע קומט דאָס חייקלען? איז ער דען ערליכער פון דיר, אָדער אַרבייט ער שווערער פון דיר?

ש ע פ ס י ל : ער לעבט אין זיין טאַטענס זכות. גאָט האָט געהאָלפען זיין טאַטען, האָט ער אים געלאָזט אַ רייכע ירושה.

נ ח מ ה ׳ ק ע : ווארום זשע האָסטו ניט?

ש ע פ ס י ל : ווייל מיין טאַטע האָט מיר גאָרניט געלאָזט.

נ ח מ ה ׳ ק ע : ווארום?

ש ע פ ס י ל : ווייל ער איז געוועזען אַ קבצן.

נ ח מ ה ׳ ק ע : פאַר וואָס?

ש ע פ ס י ל : ווייל ער האָט קיין מזל ניט געהאַט.

נ ח מ ה ' ק ע : איז חייקעל'ס טאטע געווען ערליכער פון דיין טאטען, אדער האט ער אפשר געארבייט שווערער פון אים? וואָרום זאָל דאָס גאָט גיבען איינעם אַ סך און דעם צווייטען...

ש ע פּ ס י ל : ע, מיין קינד... הער אויף, הער אויף... מען טאָר אזוי ניט רעדען.

נ ח מ ה ' ק ע : פאַרוואָס, טאַטע?

ש ע פּ ס י ל : האַלטסט די שיך אין די הענט... רעדען פון גאָט דאַרף מען מיט ריינע הענט און זאָגען אַלעס איז צום גוטען.

נ ח מ ה ' ק ע : אַך, טאַטע, ווי איך וואָלט געוואָלט זאָלסט אויך זיין אַזוי רייך ווי חייקעל און וואוינען אַזוי ווי ער. וואָרום זאָלען מיר זיך דאַרפען וואַלגערען דאָרט אין דר'ערד? אַרבייטען מיר דען ניט שווער גענוג, טאַטע?

ש ע פּ ס י ל : (יראת־שמים'דיג) קינד מיינס, קינד מיינס, זינדיג ניט, זינדיג ניט... מ'טאָר ניט!... שאַ, גענוג... אַ מענש אַז ער טראָגט נור דעם נאָמען — מענש, איז ער שוין רייך. אַ מענש דאַרף זיין צופרידען מיט אַלעס; אויב ניט, איז ער קיין מענש ניט. האָב איך דיך ניט געלערענט: אַז סע בעסער צו וואוינען אין אַ קורין און זיין ערליך איידער לעבען אין אַזאַ הויז און זיין אַ רויבער?

נ ח מ ה ' ק ע : (אויפכאַפּענדיג) איז חייקעל אויך אַ רויבער, טאַטע?

ש ע פּ ס י ל : נו, שוין, שוין, גענוג. גענוג, מיין קינד. טאַמער קומט נאָך עמיצער אָן. (אָב מיט נחמה'קען. פּאַוזע. עס הערט זיך פון דרויסען זיין קלאַפּען. לאַנגע פּאַוזע)

מ י ל ק ע : (אַריין) מם, אַ סטאַראַזש און גלייך מיט אַלע גנבים... (דרעהט אוים די עלעקטריק, אָב, פּאַוזע. אַ קלינג. טרעט ווידער אויף, אָב אין קאָרידאָר, קורצע פּאַוזע)

ח י י ק ע ל : (פון דאָרט, צוטראָגען) נו, וואָס הערט זיך. וואָס הערט זיך? וואו זיינען זיי?

מ י ל ק ע : שוין אוועק.

ח י י ק ע ל : (לויפט אַריין האַסטיג, נערוועאיש, מאַכט ליכ-

טיג. — אַ קוק ארום זיך) מיין גאָט! די קאַסע איז אָפֿען!...
אַ, מיין גאָט!... (לויפֿט צו — ערשטוינט) אַ...? דאָס געלט
איז דאָ... עפֿענען די קאַסע און דאָס געלט לאָזען?... כ'פֿאַר־
שטעה ניט... (נעמט דאָס אַרויס, צעלט) אָבער וויפֿיל האָט דאָ
באַדאַרפֿט זיין?... אַך, וואו קריג איך דעם בוכהאַלטער... נו,
אַ קאָפּ, אַ קאָפּ... אַזוי פֿאַרגעסען... (צעלט ווידער, רייסט זיך אָפּ,
שטעהט אַ רגע מיט אַ אָנגעשטרענגטען געדאַנק) ניט צו דערמאָנען
זיך. (ווידער אַ טראַכט) אָבער געשיקט זיך זיי זאָלען טאַקע
גאָרניט האָבען גענומען?... — מילקע! (וואַרפֿט אַריין אויף גיך
צוריק דאָס געלט, איילט זיך אונטער אום צו ווערען פֿערטיג איידער
מילקע קומט אָן)

מ י ל ק ע : (אַריין) איר האָט מיך גערופֿען, בעל־הבית?

ח י י ק ע ל : יאָ. זאָג נור, האָסטו געזעהן בעת זיי האָ־
בען געעפֿענט די קאַסע?

מ י ל ק ע : ניין. איך בין דאַמאָלט אַרומגעלאָפֿען אייך
טעלעפֿאָנירען, זוכען אַ גאַראַדאָוואָי.

ח י י ק ע ל : האָסטו גאָרניט געמערקט וואָס דאָ איז
פֿאָרגעקומען?

מ י ל ק ע : יאָ. ווען איך האָב ניט געקאָנט געפֿינען
קיין גאָראָדאָוואָי האָב איך זיך באַלד אומגעקערט, זיך אוועקגע־
שטעלט אָט דאָרט אונטערן זאַנאַוועס און געטראָפֿען דעם סטאָ־
ראָזש טרינקען בראָנפֿען מיט די גנבים.

ח י י ק ע ל : מיט די גנבים טרינקען בראָנפֿען!... דער
סטאָראָזש?!... שעפּס?!... שעפּס האָט מיט זיי געטרונ־
קען?!... — נו, און נאָכדעם?

מ י ל ק ע : בין איך ווידער אַוועק, אפֿשר וועל איך דאָך
עמיצען געפֿינען, אָבער איר ווייסט דאָך, צוועלף, איינס אַזייגער
באַנאַכט, אַביסעל אַרויס פֿון שטאָט...

ח י י ק ע ל : נו, נו, ווייטער, דאָס ווייס איך.

מ י ל ק ע : בין איך געלאָפֿען צוריק. האָב איך שוין
געטראָפֿען ווי עטליכע גנבים זיינען אַוועק, עפּעס אַ מיידעל איז
געווען און דער סטאָראָזש האָט איר געגיבען געלט.

ח י י ק ע ל : ג ע ל ט ?!... — רוף אים שוין אריין! שנעל!

מ י ל ק ע : (אָב)

ח י י ק ע ל : (לויפט ארום ווילד, כאַפּט זיך גייציג ווידער צעלען דאָס געלט אין קאַסע, שטעלט זיך אָפּ) א? ווי האַלט איך?... נו, א קאַפּ, א קאַפּ... (מאַכט צו די קאַסע, לויפט אַרום איבער די חדרים)

ש ע פּ ס י ל : (אריין. עס מערקט זיך אין אים אַ אומרו־היגקייט)

ח י י ק ע ל : (ווי נור ער דערזעהט אים, טוט אים אַ לויף אנטקעגען, אַ כאַפּ פאַרן לאַץ, אויפגערעגט) שעפּס! וואָס איז דאָ געוועזן! נור דעם אמת! וועזן ניט...

ש ע פּ ס י ל : ששש, שאַט, באַרוהיגט אייך. (באַפרייט זיך פון חייקעל'ס האַנט) ס'איז נאָך געוועזן אַ דאנק גאָט מיט חסד.

ח י י ק ע ל : (דונערענדיג, מיט אַ קולאַק איבערן לעצ־טענס קאָפּ) „מיט חסד"!... איך פרעג דיך — ו ו אָ ס א י ז ד אָ ג ע ו ו ע ז ן ?! — ענטפער מיר! (לאָזט זיך ביי אים אַ כאַפּ טאָן דעם שטעקען)

ש ע פּ ס י ל : (אַ ריס אויס, אַ טריט אויף אַ זייט, בלייבט שטעהן אַ צוטומעלטער)

ח י י ק ע ל : נו, וואָס שווייגסטו?!... שעפּס!... דו!...

ש ע פּ ס י ל : (קוקט אויף אים, קאָן פאַר שרעק קיין וואָרט ניט אויסרעדען)

ח י י ק ע ל : (פאַרפינעט, שוין הייזעריגלעך) אויך אַזוי ווי דיין זון?!

ש ע פּ ס י ל : (מיט פייער) א י ך?!

ח י י ק ע ל : (צורייצט) שווייג!... וועמעס ארבייט איז דאָס געווען אויפצוברעכען דעם שלאָס — דיין זון'ס?!

ש ע פּ ס י ל : (חרפּה־בושה'דיג) נו יאָ, אָבער הר' חייקעל...

ח י י ק ע ל : (ווי פריער) שווייג!... — טרינקסט שוין מיט דיין תכשיט פון איין פלעשיל, א!...

ש ע פ ס י ל : (דורך טרערן) אָ, מיין גאָט, מיין גאָט, וואָס רעדט איר הר׳ חייקעל, איך פאַרשטעה ניט...

ח י י ק ע ל : פאַרשטעהסט ניט... — און וואָס פאַר אַ מיידעל איז דאָס געווען דאָ, וואָס פאַר געלט האָסטו איר געגי־בען?! פון דאַנעט, אַ! אויך אַ גנב ווי דיין בן׳אָק געוואָרען?!

ש ע פ ס י ל : (אויפגעטרייסעלט) ש ט י ל ! .... אָדער — אָדער כ׳וועל דיר דאָ דיין קאָפּ אויף צווייען שפּאַלטען!... (מיטן שטעקען איבער חייקלען, דורך געוויין) א י ך — אַ ג נ ב . . . !

ח י י ק ע ל : (אָב אויף אַ זייט, אין טויט־שרעק) מילקע!...

ש ע פ ס י ל : (אַרויס פון כלים, נאָכלויפענדיג חייקלען מיטן שטעקען) א י ך — אַ ג נ ב ! א י ך — אַ ג נ ב !... ש ע פ ס י ל ס ט אַ ר אַ ז ש — אַ ג נ ב ! . . . (פאַרטראָגט זיך מיטן שטעקען ווי אויף אָפּלאָזען אַ טויט־קלאַפּ — קומט מיט אַמאָל צוריק צום באַוואוסטזיין, בלייבט הענגען מיט אים אין דער לופט, ווי ער וואָלט פּלוצים פּאַראַליזירט געוואָרען — פאַלט צו אַ צובראָכענער צום טיש, אויסגעמאַטערט און שטיקענדיג) אָ, גאָט! אָ, גאָט, וואָס איך האָב דערלעבט צו הערען!... (אָטעמט שווער. וויינט)

מ י ל ק ע : (לויפט אַריין צושראָקען)

ח י י ק ע ל : (שטעהט וויט אין אַ ווינקעל, באַרוהיגט זיך צוביסלעך, באַצעכענט מילקען אַרויסצוגעהן)

מ י ל ק ע : (אָב)

ח י י ק ע ל : (דרעהט זיך אַרום, קורצע פּאַוזע. שטעלט זיך אָפּ לעבען שעפּסלען, מילדער) שעפּס! פון דיין וויינען און וואַר־פען זיך ווייס איך נאָך אַלץ גאָרניט. איך וויל דאָך וויסען וואָס איז דאָ געווען; דערצעל. (זעצט זיך, פאַררויכערט)

ש ע פ ס י ל : (שטעהט אויף, איינגעשטילט, מיד, הכנעה׳־דיג) איך האָב אייך שוין געזאָגט: די גנבים זיינען טאַקע דאָ געווען, אָבער גלויבט מיר, זיי האָבען גאָרניט גענומען. זיי האָ־בען אייך געוואָלט באַ׳גנב׳נען — אָבער איך האָב זיי ניט גע־לאָזט.

ח י י ק ע ל : (רוהיג אָבער נאָך אַלץ צווייפלענדיג) האָבען זיי ג אַ ר נ י ט גענומען ?

ש ע פּ ס י ל : ניין. זיי האָבען מיך אפילו געבונדען...

ח י י ק ע ל : און ווער האָט דעם שלאָס אויפגעריסען ?

ש ע פּ ס י ל : איינער פון די גנבים...

ח י י ק ע ל : (נאָדעלדיג) דיין זון ?

ש ע פּ ס י ל : (געצוואונגען) יאָ... (פעסט) אָבער גענו־מען האָבען זיי גאָרניט.

ח י י ק ע ל : (דורך ספקות) יאָ ? (צוציגען) ג אַ ר־נ י ט ?

ש ע פּ ס י ל : (זיכער) ניין.

ח י י ק ע ל : (גיפטיג) אָבער פון איין פלעשעל האָסטו מיט זיי געטרונקען, אַ ?

ש ע פּ ס י ל : (דערקלערענדיג) זיי האָבען געזוכט שנאַפּס, האָב איך זיי געגיבען מיין אייגענעם (נעמט ארויס דאָס פלע־שעל, צייגט דאָס, פּאַררוקט דאָס צוריק), אַבי זיי זאָלען אייערס ניט אָנרירען.

ח י י ק ע ל : (נאָך אַלץ ניט זיכער) אַזוי גאָר... (פּאַר־טראַכט זיך אַ רגע, מיט אַ געדאַנק) רוויכערסט דאָך, יאָ ? נעם אַ פּאַפּירוס, פאַררויכער און דערצעל מיר ווייטער — אָבער דעם ריינעם אמת.

ש ע פּ ס י ל : (נעמט מיט טרייסלענדיגע הענט אַ פּאַפּירוס, פאַררויכערט)

ח י י ק ע ל : איצט זאָג מיר נור... וואָס פאַר אַ מיידעל איז דאָס געווען דאָ, (דורך איראָניע און פּאַרדאַכט) דיינע ?

ש ע פּ ס י ל : (תמימות'דיג) יאָ, מיין נחמה'קע, מיין קינד. מיך געקומען רופען צו מיין אַלטער ; פילט זיך זעהר שלעכט.

ח י י ק ע ל : (בלייבט זיצען געשלאָגען) דאָס אַלעס ?... (שטעהט אויף, ווי ער וואָלט מער ניט געהאַט וואָס צו פרעגען, אָב איבערן צימער, דענקט נאָך, קורצע פּאוזע. מיט אַמאָל, ווי דערמאָנ־ענדיג זיך, טרעט ווידער צו צו שעפּסלען) נו גוט. זאָל שוין זיין אזוי. כל־זמן איך בין אַליין ניט געווען דערביי מוז איך דאָך

שוין דיר אויף אַלעס גלויבען. אָבער זאָג מיר — *וואו* האָסטו גענומען געלט צו גיבען דיין מיידעל? האָסט דאָך מיר פריער אַליין געזאָגט אַז דו האָסט ניט קיין פּרוטה ביי דער נשמה. אַזוי האָסטו דאָך מיר איינגערוימט א סוד, ניין? ווי לאַנג איז ערשט דערין? אַפּאָר שטונדען... געדענק איך גאַנץ גוט אַז דו האָסט געוואָלט ביי מיר לייהען אַפּאָר רובעל און איך האָב דיר *ניט* געליהען; סיידען איך האָב פאַרגעסען? ניין, איך געדענק דאָס *אויסגעצייכענט*; איך בין זיכער דערינען! — פרעגט זיך איצט א קשיה — *וואו האָסטו גענומען געלט?*

*שעפּסיל*: (שווייגט, שלינגט אַרונטער יעדען וואָרט ליידענדיג)

*חייקעל*: (אויסגעהאַלטען) נו, וואָס שווייגסטו? איך פרעג דאָך דיך?

*שעפּסיל*: (ענטפערט ניט, שטעהט ווי אויף גליהענדע קוילען)

*חייקעל*: (וואָס ווייטער אַלס ברויזענדער) שעפּס!... זאָג מיר, נור דעם אמת... דיין שווייגען מאַכט מיר צום דענקען עפּעס... עפּעס אַזעלכעס וועגען וואָס איך האָב דיך שוין אַמאָל חושד געווען...

*שעפּסיל*: (הויבט אויף מיט אַמאָל ליידענדיג אויף אים די אויגען) אויף *מיר*?...

*חייקעל*: יאָ... (הימפּעטיג) שעפּס! וואו האָסטו גענומען געלט — אין קאַסע!

*שעפּסיל*: (מיט א צוריסען האַרץ נור איינגעהאַלטען) הר' חייקעל... הר' חייקעל...

*חייקעל*: האָט דיר עפּעס א גנב געגיבען?

*שעפּסיל*: (דורך א טיפען שמערץ) חס־וחלילה!... פון גנבים וועל איך נעמען געלט?

*חייקעל*: (זיך מאַטערענדיג) מיין גאָט!... אויב קיינער האָט דיר ניט געגיבען וואו זשע דען האָסטו גענומען — אויב ניט אין קאַסע!

ש ע פ ס י ל : (צאפּלענדיג) ניין, ניין, חס־וחלילה... ניט אין קאַסע, הר' חייקעל... ניט אין קאַסע...

ח י י ק ע ל : (אין אַ באַהערשענדיגען געדולד) וואו דען?

ש ע פ ס י ל : (נאָך אַ קורצער פּאוזע, שטאַמלענדיג) הר' חייקעל... דאָס געלט... דאָס האָב איך געפונען...

ח י י ק ע ל : וואו?

ש ע פ ס י ל : דאַ... אונטערן טיש...

ח י י ק ע ל : (ווי זיך דערמאָנענדיג, דורך אַ שעלמישען שמייכל, צוצויגען) אַ־ה־ה! (לצנות'דיג) אונטערן טיש, כאַ־כאַ־כאַ... אונטערן טיש... וועמעס זשע געלט דענקסטו איז דאָס געווען, אַ!

ש ע פ ס י ל : (צובראָכען) נו, אודאי איז דאָס אייערס... אָבער ראשית זענט איר דאָך ניט געווען; גיבען דאָס דער דינסט — בין איך דאכט זיך באַגלויבטער. האָב איך געדענקט איר וועט קומען וועל איך דאָס אייך אָפּגיבען. איז אָבער אָנגעלאָפען מיין נחמה'קעלע אין איין קול — געלט! מע דאַרף אַ דאָקטאָר, די פּרוי האַלט ביים שטאַרבען, — וואָס האָב איך געזאָלט טאָן, הר' חייקעל?

ח י י ק ע ל : (נאָך אַ קורצער פּאוזע) כ'וועל דיר זאָגען — ווען די קאַסע וואָלט ניט געווען אויפגעבראָכען, און ס'ניט מער ווי די פינף רובעל, מילא, רעכען איך זיי דיר אַרונטער; ביזט ביי מיר אַ בטוח אויף אַ פינפעריל. אָבער אַז די קאַסע... די קאַסע...

ש ע פ ס י ל : (פול מיט געבעט, ווי פאַר איין ארון־קודש) גלויבט מיר הר' חייקעל...

ח י י ק ע ל : (זיך ברעכענדיג דעם קאָפּ) געשיקט זיך אַז דו, אַזאַ קבצן, אַן עני ואביון, זאָלסטו שטעהן לעבען אַן אָפענער קאַסע מיט געלט — און זאָלסט גאָרניט נעמען?...

ש ע פ ס י ל : (מיט די הענט אויפן האַרצען) הר' חייקעל! איך שווער אייך ביי גאָט אַז — ניין. אָט דאָס פינף רובעלדיג בלעטעל איז דאָס איינציגע וואָס איך האָב אַן אייער וויסען אָנגערירט.

ח י י ק ע ל : (פול מיט צווייפעל) ניט מער ווי די פינף רובעל? זאָל איך דיר גלויבען?

ש ע פ ס י ל : (רחמים'דיג) איך'ל אייך שווערען דער־רויף אין טלית און אין קיטעל, הר' חייקעל.

ח י י ק ע ל : (באזיגט פון ספקות) ניין, ניין, שעפּס... איך קאָן דיר שוין איצט ניט גלויבען. לייגער קאָנסטו שוין ביי מיר ניט פאַרבלייבען.

ש ע פ ס י ל : (פאַרכאַפּט) הר' חייקעל!... וואָס רעדט איר, הר' חייקעל...

ח י י ק ע ל : יאָ שעפּס, גייה אהיים... כאָטש לויטען געזעץ וואָלט איך דיך באדאַרפט איבערגעבען צו פּאָליציי, — דיך מיט דיין זון צוזאַמען; גנבים טאָרען פריי ניט זיין. אָבער מיין יושר דערלאָזט דאָס ניט. איך האָב רחמנות אויף דיין פרוי. זאָגסט זי האלט ביים שטאַרבען — גלויב איך דיר, נו, גייה.

ש ע פ ס י ל : (גרייט צו פאַלען אויף די קניס) הר' חיי־קעל...

ח י י ק ע ל : ניין, ניין, לייגער קאָנסטו ביי מיר ניט זיין.

ש ע פ ס י ל : גאָט מיינער! וואָס רעדט איר? איצט אויף דער עלטער...

ח י י ק ע ל : ניין, ניין, ניין, ניין...

ש ע פ ס י ל : (מיט אויסגעשטרעקטע אָרמס) אַך, גאָט מיינער! גאָט מיינער!... ווער קאָן מיך נאָך אַזוי גוט ווי איר, אַ?

ח י י ק ע ל ? (ווי געפּרעסען פון חשד) כ'ווייס ניט, כ'ווייס ניט... נאָך היינטיגער „חתונה" האָסטו פאַרלוירען דיין נאמנות.

ש ע פ ס י ל : (מיט פאַרבראָכענע הענט און מיט די אויגען צו גאָט) אַך, גאָט אין הימעל, גאָט אין הימעל!.. (מיט אַ קלינגענדיגען קול, יעדער וואָרט פול מיט האַרץ) ער און אָט דער שטעקען זיינען מיינע עדות ווי ריין מיינע הענט זיינען פון דער מינדסטער זאַך וואָס איז פרעמדס!... (אַ טריט פאַראויס, שניידענדיג) הר' חייקעל! האָב איך אייך ניט געדינט נאָך

געטרייער פון א הונט! האָב איך ווען איינגעדרימעלט ווען איך האָב אייערם געהיט? ניט קיין פראָסט, ניט קיין היץ, ניט קיין רעגנן, ניט קיין שטורם האָבען מיך ווען אָפּגעשראָקען איך זאָל פון פּאָסט אוועק! געדענקט איר, הר. חייקעל, אַז דאמאָלט באנאכט, ווען מ'האָט מיך געפונען מיט א דורכגעשאָסענער ברוסט? — דאָן ווען איך האָב ניט דערלאָזט די גנבים זאָלען אייך בארויבען? מיט דער קויל אין מיין ברוסט — (א ריס אויף דעם פעלץ, ביז צום לייב) קוקט!... עס איז נאָך ניט איינגאָנצען פארהיילט! — און מיט דער קויל אין ברוסט האָב איך זיך נאָך אלץ געראַנגעלט מיט זיי ביז מ'איז מיר אָנגעקומען צו הילף און זיי צולעצט פּארטריבען!... און איצט האָב איך פארלוירען מיין נאמנות!...

ח י י ק ע ל : אָבער ווי קאָן דען זיין אַנדערש ווען דו, אזא „קדשי קדשים" און זעצסט זיך אוועק מיט די גנבים טרינקען פון איין פלעשעל, א?

ש ע פּ ס י ל : כ'האָב דאָס אייך שוין געזאָגט. — און ווידער, איך האָב ליב מיט גנבים דורכצוקומען אויף א גוטען אופן. און ווייל איך האָב פיינט זיי אויסצוגיבען, ווייסען זיי אז שעפּסלען דאַרף מען לאָזען צורו.

ח י י ק ע ל : ווארום זשע זיינען זיי טאָקע געקומען אויב זיי ווייסען — אז שעפּסלען דאַרף מען לאָזען צורו?

ש ע פּ ס י ל : ווייל זיי האָבען ניט געוואוסט אז איך בין דאָ היינט סטאָראָזש.

ח י י ק ע ל : שטעה נור, וואָס האָסטו דאָ ערשט עפּעס געזאָגט — האָסט פיינט איבערצוגיבען גנבים צו פּאָליציי?

ש ע פּ ס י ל : יאָ. איך קום אליין מיט זיי דורך : מיט געבעט.

ח י י ק ע ל : מיט געבעט, כא־כא־כא... ווארום זשע האָבען זיי דאמאָלט אין דיר געשאָסען?

ש ע פּ ס י ל : ווייל זיי האָבען מיך נאָך דעמאָלט ניט געקאָנט.

ח י י ק ע ל : (סאַרקאַסטיש) ניט געקאָנט... (אונטער־

שטרייכענדיג) און יעצט האסטו זיך שוין מיט זיי „באקאנט“... „פאזנאקאמעט“, א?

שעפסיל: (אין א צוריק־געהאלטענעם פראטעסט) הר' חייקעל!...

חייקעל: (דורך וואקסענדיגען חשד) איין האנט גע־מאכט, א!

שעפסיל: (שטורמיש) הר' חייקעל!... גאט איז מיין עדות אין מיין ערליכקייט!...

חייקעל: ניין, ניין, שעפס, קאנסט דא לייגער ניט בלייבען. געה אהיים און זוך דיר א דאלזשנאסט מיט אנאנדער קווארטירע. נאכדעם ווי דו האסט זיך שוין מיט זיי „פאזנא־קאמעט“...

שעפסיל: (אין א קדחת'דיגען ציטער, מיטן שטעקען טרייסלענדיג אין דער האנט, האלט זיך איין פון אויפצוהויבען אים אויף צו דערלאנגען) חייקעל!... חייקעל!... דו — דו ביזט!...

חייקעל: (ניט רוהיג, אפטרעטענדיג) עי, שעפס, אויב דיר גלוסט זיך נאך מאכען סקאנדאלען ווי פריער וועסטו נאך זיין אין כאלאדנע אויך, הערסט! און טאקע שוין! געה מיט גו־טען זאג איך דיר. געה זוך דיר א קווארטירע מיט א שטעלע. לייגער ביי מיר קאנסטו ניט זיין. אויב דו האסט געקאנט נע־מען פון אונטערן טיש, וועסטו שוין קאנען נעמען פון אויפ'ן טיש אויך און אפשר נאך פון ערגעץ!... — געה! (צייגט אים אן מיט א שטרייכגען פינגער צו דער טיר)

שעפסיל: (פון טיפען הארצען, דורך א פארשטיקטען אויסברוך) אך, מיין גאט, מיין גאט!...

חייקעל: (דרעהט זיך נערוועאיש אהין, אהער, ווי ער וואלט אויך עפעס איבערגעלעבט... אב אין א צווייטען חדר)

שעפסיל: (שטעהט ווי פארגעסענדיג אין א אויפגערעג־טער פארצווייפלונג, פאוזע)

חייקעל: (צוריק אריין, די אויגען, דאס פנים איינגע־טונקען אין ספק, טרעט צו האסטיג צו דער קאסע, פאר זיך) געשיקט זיך זיי זאלען גארניט האבען גענומען?... (טראכט, נעמט ארויס דאס געלט אויפסניי) נו, א קאפ, א קאפ... קאן זיך נישט דער־

מאַנען... (צעלט גייציג... רייסט זיך אָפּ מיט אַמאָל, ווי דערמאָנ־עדיג; אַ בליק אַרום זיך — מערקט שעפּסלען, אויפגעשטורמט) שטעהסט נאָך! (פאַרשטעלט מיט זיין גוף דאָס געלט אונטער זיך)

שעפּסיל: (קוקט אויף אים מיט שטומע, בעטענדיגע אויגען)

חייקעל (צוריקגעהאַלטען) וואָס שטעהסטו נאָך וואָס!

שעפּסיל: (וויל אים עפּעס זאָגען — האַלט זיך אָפּ, אָב לאַנגזאַם, פאַרביטערט און געשלאָגען, וואַרפט נאָך אַ לעצטען רחמים־בליק, ווי אַן אָקס פאַר זיין שחיטה, עפענט אויף און מאַכט צו נאָך זיך די טיר)

חייקעל: (וואַרט אָפּ ביז דעם לעצטענס שווערע געשלאָגענע טריט שטאַרבען אָפּ לחלוטין; אַ קוק אין קאָרידאָר, אַ קלער — ) אים רופען צוריק?... (רייסט זיך אָפּ, פאַרשליסט האַסטיג די טיר, נעמט זיך ווידער צעלען גייציג דאָס געלט) אַך, אַ קאָפּ, אַ קאָפּ!... בשום אופן זיך ניט צו דערמאָנען... אַזוי נישט גערענקען, אַזוי נישט גערענקען... (צעלט יעדער בלעטעל און מטבע באַזונדער...)

(פאָרהאַנג)

# דריטער אַקט.

(אַ שטובדע שפּעטער. ביי שעפּסלען. דאָס לעמפּעל רויכערט, צאַנקט, דאָס פייער אין אויוועז האַלט זיך אין אויסלעשען.)

ע ט ע ל : (ליגט אין בעט, לאָזט אַרויס אַלע מאָל אַ שמערצ־ליכען קרעכץ, קערט זיך איבער קוים־רירענדיג פון איין זייט אויף דער צווייטער) קיינער נישטאָ... קיינער נישטאָ... כאָטש שטאַרב!... (הוסט) אַך, ווי עס רויכערט! וואָס פאַר א רויך!... מם, וואָלט דאָס שוין אינגאַנצען אויסגעלאָשען געוואָרן!... — נחמה'קע!... ניטאָ נאָך... מיט צוריסענע שיך אויף אַזאַ פראָסט אוועק... — אוי, איימעץ אַליין... כאָטש צי זיך אויס... ניטאָ ווער סע זאָל פון דאַנעט־אַהין... כ'ווער פאַרברענט — און סע ניטאָ ווער סע זאָל אַפילו א לעפיל וואַסער דערלאַנגען... אוי, גאָט! ווי לאַנג וועל איך זיך נאָך אַזוי מוטשען, ווי לאַנג?... וואָרום שיקסטו מיר ניט דעם טויט ווען לעבען איז אַזוי שווער!...

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (אויפ'ן אויוועז, וויינענדיג, פאַרשלאָפען) „נעהאַמקע"!

ע ט ע ל : (קרעכצט)

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : „נעהאַמקע"!

ע ט ע ל : שלאָף, מיין קינד, שלאָף; זי'ט באַלד קומען.

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : כ'האָב „מויע"... (וויינט) מאַמע!...

ע ט ע ל : וואָס ווילסטו, מיין קינד?

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : אַ „טהינק"!... (וויינט)

ע ט ע ל : נו, שאַ, וועלוועלע שאַ, דיר באַלד גיבען. (זעצט זיך אויף)

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (כאַפּט זיך אַרונטער)

ע ט ע ל : (שלעפּט זיך אַראָפּ פון בעט) אוי, גאָט!... — וואָס ביזטו אַראָפּ, געה שלאָפען.

ו ו ע ל ו ו ע ל ע : כ׳האב „מויע“. (אריין אין בעט)
ע ט ע ל : (באליגט אים צופיסענס, דעקט אים איין)
ו ו ע ל ו ו ע ל ע : (וויינט אויפסניי)
ע ט ע ל : וואס שוין ווידער?
ו ו ע ל ו ו ע ל ע : וואו „נעהאמקע“?
ע ט ע ל : באלד קומען, שא.
ב ע ר ע ל ע : (פון אויפן אויוועז) מ א מ ע !... (וויינט)

ע ט ע ל : זעהסט וועלוועלע, אויפגעוועקט בערעלען. וואסע, בערעלע, ווילסט אויך געהן אין בעט אריין?

צ ע ר ע ל ע : יא־א־א!...

ע ט ע ל : נו, קום, קום, מיין קינד. (נעמט אים ארונטער, ליגט אים אוועק לעבען וועלוועלען, דעקט זיי איין) איי קינדער. מיינע קינדער... שלאפט געזונט און זאל אייך שוין גאט א טאטע זיין... אייער טאטע איז צו אייך ניט קיין נור טאטע נור א מערדער, אן אכזר... און איך, אייער מאמע — (שטיקענדיג) וועל אויך באלד אומקומען... (וויינט) אוי, גאט! ווארום שטראפסטו אונז אזוי? — אוי, דער רויך!... (הוסט) מם, און דאס לעמפעלע!... יא, לעמפעלע, צאנקסט פונקט ווי איך און איך ווי דו... — איי קינדערליך, קינדערליך!... — אוי, מיין הארץ!... (וויינט, לייגט זיך אין בעט) אוי, נחמה׳קע זאל מיך נאך כאטש טרעפען... (תפלה׳דיג) נחמה׳קע, בענדעט, גרשון!... גאט! ברייננ מיר מיינע קינדער!... זאלען זיי מיך כאטש זעהן פאר מיין טויט; און „ער“ — גאט זאל מיך ניט שטראפען פאר די רייד... (הויבט זיך אויף, קוקט א רגע מיט שטומע בליקען אויף די קינדער אין בעט) אוי, גאט! זיי זיי א פאטער... ווי קלייניגקע הינדעלעך אונטער זייער מוטער׳ס פליגעל זאלסטו זיי ווארימען און פון שוליקעס פארהיטען... (דאס לעמפיל — אויסגעלאשען) שוין... אינגאנצען פינסטער... אבער דיר, לעמפעלע, וועט מען נאך אונטערגיסען גאז און וועסט ווידער ברענען... אוי, און איך... אוי! — (פאלט שווער צום קישען) און איך דארף זיך נאך מוטשען... און ווען א י ך ׳ ל אויסגעהן — וועט שוין ניט זיין מער מיט וואס מיין „לעמפעלע“ צו דערגיסען, ניין... אבער ווי

לאנג נאָך, ווי לאַנג נאָך דאַרף איך זיך מוטשען, צאַנקען!... אוי, גאָט! ווי לאַנג נאָך!... (אַ פּאָר שטילע קרעכצען — שלאָפט איין. לאַנגע פּאוזע)

פּ ע ט ק ע, ב ע נ ד ע ט: (קומען אריין — זעהר שטיל)

ב ע נ ד ע ט: (אַ קוק אויפ'ן אויוועןן) זעה נור, פּעטקע, נחמה'קע איז נאָך נישטאָ... — און די קליינוואַרג? אַ, אין בעט... מיט דער מאַמען... (טרעט צו אומרוהיג, אויף די שפּיץ-פינגער, לייגט זיך צו פאַרזיכטיג מיטן אויער, הערט זיך איין... — נעמט אַרויס אַ פּאָר מאַראַנצען, אַ פלעשעל וויין, אַ קליינעם סלאָי איינגעמאַכטס, לייגט אַלעס אַוועק אויפ'ן טיש, אָב מיט דער גרעסטער שטילקייט צו פּעטקען)

פּ ע ט ק ע: (אין אַ האַלבען טאָן) נו, וואָס מאַכט זי?

ב ע נ ד ע ט: (אויך אזוי) שלאָפט. — איצט קום 'הער. (שטעלען זיך ביידע אַוועק ביים אויוועןן)

פּ ע ט ק ע: (נאָך אַ קורץ שווייגען) מ'וואָלט אפשר באַ-דאַרפט אונטערוואַרפען האָלץ. אין שטוב דאַרף איצט זיין וואַרעם און דער אויווען געהט אויס.

ב ע נ ד ע ט: יאָ. דאַרף מען געהן אריינגעמען — אויב סע נור דאָ. (אָב)

פּ ע ט ק ע: (קוקט אַ פּאָר'חלום'טער אויפ'ן אויסגעהענדיגען פייער און בכלל אויף אַלעס אַרום זיך) וואָס פאַר אַ הינטיש לע-בען... (פּאוזע)

ב ע נ ד ע ט: (ברייננגט אַריין אַ בינטעל האָלץ) אַך, אזאַ בייסענדיגער פראָסט!... (וואַרפט אונטער אַ פּאָר שייטלעך)

פּ ע ט ק ע: איצט כאָטש זיין וואַרעם.

ב ע נ ד ע ט: אָבער ווי אויף לאַנג? דאָס לעצטע בינ-טעלע... (אַ קורץ שווייגען) אַך, וואָס קאָן דאָס זיין וואָס נחמה'-קע איז נאָך ניטאָ?

פּ ע ט ק ע: יאָ, וואָלט שוין באַדאַרפט זיין.

ב ע נ ד ע ט: שוין מער ווי אַ שטונדע אַז זי איז אַוועק.

פּ ע ט ק ע: זאָל כאָטש קריגען אַ דאָקטאָר; ווייל באַ-נאַכט...

בענדעט: יא, באַנאַכט אַנצוקומען צו אַ דאָקטאָר איז נישט קיין מאכל פאַר אַ קבצן... אודאי ווען דאָ וואָלט געליגען חייקעל׳ס ווייב וואָלט דער דאָקטער געלאָפען... אָבער צוריקגע־רעדט, — ווי קאָן חייקעל׳ס ווייב קומען אין אַזאַ קבר און ליגען אין אַזאַ בעט... וואָרעם ווען זי וואָלט שוין אַריין אַהער — וואָלט זי דאָך שוין געוואָרען אוים מיוחסת... — פע, פו, פעטקע, צו זיין אַ קבצן!... הערסטו פעטקע, אַ קאַבצאַן איז גלייך צו יעדער נידריגער חיה: ווייסט ניט פון קיין וועלט, זעהט ניט די וועלט, און... אַ קאַבצאַן איז פונקט ווי דער וועוועריק וואָס זעהט ניט מער ווי דאָס וואָס אַרום זיין נאָרע. — יאָ, איך קוק אויף מיין מאַמען און טראַכט: וואָס איז דאָס פאַר אַ לעבען? אָפּ־געלעבט עטליכע און דרייסיג יאָר מיט מיין באַטקע, דעם היטער פון „פרעמדס", און וואָס?... וואָס, ווער, ווענען?... ניט פאַר זיך, ניט פאַר יענעם. מילא חייקעל, — לעבט ער כאָטש אַ גוטען טאָג. מיר? האָבען מיר — האָבען מיר און אַנדערע אויך. אָבער זיי?... (ווי פאַרגעסענדיג, אין אַ העכערען טאָן) וואָס האָ־בען זיי און וואָס האָבען אַנדערע פון זיי?... פו!... (פאַר־שווייגט מיט אַמאָל, אַ קוק צו דער מוטער, אַב צוריק אויף זיין אָרט)

פעטקע: וואָס טוט זי?

בענדעט: שלאָפט. — אַך, מאַמע, מאַמע... — הער־סטו פעטקע, ווען די מאַמע זאָל חלילה אָפּשטאַרבען — די שעה זאָל ניט זיין, — בלייבען ניט נור די קליינע ווי אויפ׳ן וואַסער, נור קוקסטו אַז אָט דעם גרויסען שטאַרקען אַטאַמאַן... וואָרעם טאָקע, וואָס?... עפּעס ווען איך קום אַהער, אפילו באַהאַלטע־נערהייד, און זעה די מאַמע — איז דאָס ביי מיר דער גרעסטער פאַרגעניגען... עפּעס ווען איך זעה זי לעבט... קרעכצט אפילו, אָבער דאָך — זי לעבט!... מיין מאַמע לעבט!... און איך דערפיל אַז אָט איז דאָך פאַראַן אַ נשמה וואָס וויל מיך זעהן, אַ האַרץ וואָס בענקט נאָך מיר, טראַכט וועגען מיר... וועגען מיר!... וועגען דעם פון וועלכען קיינער טראַכט ניט, קיינער ליבט ניט: ליבט דעם וועמען יעדערער האַסט, פאַרשטעהסט?... אַך, וואָס פאַר אַ טייערע נשמה, וואָס פאַר אַ ליבע פרוי, פעטקע!

פּ ע ט ק ע : טאַ געפין זיך אַ מיידעל, האָב חתונה וועסטו האָבען אַן אייגען ווייב, אַן אייגענע פרוי און...

ב ע נ ד ע ט : אַ, פּלאַפּעל ניט! — חתונה האָבען!... ווי טאָר האָבען אַ גנב אַ ווייב?... און ווידער — אַ פרוי איז בלויז גוט פאַר אַ מאַמע צו זיין. פאַר אַ ווייב אָבער — זאָל זי דער טייוועל האָבען! — ניין, איך וועל קיינמאָל ניט חתונה האָבען, פּעטקע, קיינמאָל ניט... (שפּאַסיג) ווען איך האָב חתונה וואָלט איך זי אויפ'ן צווייטען טאָג אַוועקגעשיקט לעזזל, בנאמנות. די איינציגע פרוי וואָס איך ליב, איז—מיין מאַמען. און די אַלע איב־ריגע — זאָלען קאָנען די וועמען גאָט האָט פאַרשאָלטען אַפּצוקומען אויף דער וועלט פאַר זייערע נארישע זינד... בלויז מיין מאַמען ליב איך און אָט דערפאַר, זעהסטו, בין איך מיין טאַטען אַ פריינד: ער האָט מיך פאַרזאָרגט מיט אַ מאַמע...

פּ ע ט ק ע : אויב אַזוי איז נחמה'קע דעם טאַטענ'ס טאָכ־טער און דו — דער מאַמעס זון.

ב ע נ ד ע ט : יאָ, פּעטקע... הערסט, ווען מיין מאַמע וואָלט איצט די שעה זאָל ניט זיין... מם!...

פּ ע ט ק ע : (קוקט אויף אים מיט אַ חידוש־שמייכל)

ב ע נ ד ע ט : ווען איך זאָל זי פאַרלירען — וואָלט איך דאַן דעם טאַטען אויך פאַרלוירען...

פּ ע ט ק ע : וואָס?!

ב ע נ ד ע ט : ס'וואָלט אים דעמאָלט געבליבען איינס פון די צוויי: אָדער ווערען אַ גנב, אָדער — אַ מת!

פּ ע ט ק ע : — כאַ־כאַ־כאַ־כאַ... זיין טאַטען וועט ער מאַ־כען פאַר אַ גנב...

ב ע נ ד ע ט : אָבער וואַרט. כ'וועל צו דעם ניט דערלאָ־זען. כ'וועל זי צונעמען פון דאַנעט.

פּ ע ט ק ע : וואָס מיינסטו?

ב ע נ ד ע ט : פּשוט: איך וועל זי אַרויס'גנב'נען, אויב זי וועט ניט וועלען אַוועק פון דאַנעט, און זי אַוועקפירען צו אונז...

פּ ע ט ק ע : (שטעלט אָן אויף אים אַפּאָר גרויסע אויגען) ביזט פון זינען? (פלאַצט אויס אַ שטילען געלעכטער)

ב ע נ ד ע ט : נו, שאַ, האָב איך גאָרניט געזאָגט — און לאַך ניט. אָבער וואַרט, סט'זעהן דאָס גרייטע.

פ ע ט ק ע : (לאַכט)

ב ע נ ד ע ט : (פאַרדראָסיג, נור חבר'ש) הער אויף צו כאַביקען!... (קורצע פאַוזע. פאַררויכערען ביידע) זאָג נור, וואָס דענקסטו וועגען נחמה'קען?

פ ע ט ק ע : (ניט מיט אַמאָל) איך דענק — וואו זי קאָן זיין... וואָרום זי איז נאָך נישטאָ...

ב ע נ ד ע ט : וועגען דעם טראַכט איך אויך אָבער דאָס איז זיך אַ באַזונדער זאַך. וואָס איך מיין — ווילסטו מיט איר טאַקע חתונה האָבען?

פ ע ט ק ע : נו, וואָס דען...

ב ע נ ד ע ט : (שטעלט אָן אויף אים אַ מין פאַרבאַהאַל־טענעם קנאה־בליק)

פ ע ט ק ע : (פאַרטראַכט זיך אַ רגע, זעצט פאָר) כ'וויים אַפילו אויך אז אַ גנב איז שווער צו פאַרבינדען זיך צו אַ הויז ווייל ער איז שטענדיג אויף דער פור אין אסטראָג אריין, — וויל איך זיך טאַקע דערפאַר ארויסציהען פון דער פרנסה. און איבערהויפט צוליב נחמה'קען. איך גלויב אז זי איז די איינ־ציגע וואָס וואָלט געקאָנט מאַכען פון מיר אַ לייט.

ב ע נ ד ע ט : אַ לייט... וואָס פאַר אַ לייט קאָן אַשטיי־גער זיין פון דיר, צדיק אין פעלץ, אז...

פ ע ט ק ע : אַזעלכער ווי פון יעדען איינעם.

ב ע נ ד ע ט : וויפיל מזומנים האָסטו?

פ ע ט ק ע : דערפון איז אָפגערעדט. האָב איך איצט ניט — וועל איך האָבען.

ב ע נ ד ע ט : ווי אַזוי?... אויפ'ן ערליכען, אויפ'ן ברייטען וועג, ברודער, האָט קיינער קיין געלט ניט פאַרזעען. צו האָבען געלט, אַ סך געלט אום ניט צו זיין אַזאַ קאַבצאָן ווי מיין באַטקע, מוזטו פאַרטשעפען דאָס וואָס ער רופט אָן — פרעמדס. און אויב אַזוי — וואָס איז שוין דער חילוק?

פ ע ט ק ע : אַ, רעדסט ווי אַ נאַר. אַט זעהסטו דאָך, אַט האָט חייקעל אָנגע'גנב'עט אַ סך און האָט קיין מורא ניט פאַר

קיינעם — טאָמער כאַפּט מען אים, טאָמער גיט אים עמיצער אויס, טאָמער וואָס, טאָמער ווען... און מיר — מיר דאַרפֿען דאָך מורא האָבען אַפילו פֿאַר'ן אייגענעם שאָטען. יאָ בענדעט! אַט דערפֿאַר אַליין זעהסטו, בלויז איבער דער מורא, וויל איך זיך אַרויסרייסען דערפֿון. איך ווייס אַפילו סע וועט מיר זיין שווער די ערשטע צייט, אָבער... ווען נחמה'קע האָט פֿאַר מיר חתונה... זי, זעהסטו, וואָלט מיר אַ סך געקאָנט העלפֿען. דענקסטו ניט אַזוי?

ב ע נ ד ע ט : אָבער צו וואָס אַשטייגער קאָנסטו זיך נע־מען?

פּ ע ט ק ע : צו דעם וואָס אַלע „זעקס־און־דרייסיג'ער" נעמען זיך. כ'וועל אויך טאָן דאָס וואָס חייקעל'ס טאַטע: אויך מאַכען אַ קלייטעל. נחמה'קע וועט מיר צוהעלפֿען, און צובי־סעליך, צוביסעליך...

ב ע נ ד ע ט : וועסט זיך אָבער דערויף ניט אויסטויגען. דערויף דאַרפֿסטו זיין אַ געבוירענער „זעקס־און־דרייסיגער"!

פּ ע ט ק ע : וואָרום?

ב ע נ ד ע ט : ווייל אַ קרעמער דאַרף זיין דאָס ערשטע אַ אונטערלעקער. און דערצו לאָזט זיך נאָך ניט קיין דאָס אַ גלעט טאָן פֿון אַבי וועמעס צונג און פֿון דיינער אודאי און אודאי ניט. גאַרניט, אַט ווען דו קאָנסט זיי זייער גראָב־פּלייש פּריער גוט־גוט אָנקאַטעווען אַזוי אַז זייערע אונטער־חלק'ס זאָלען זיי ווערען רויט ווי געבראָטענע ראַקעס אָדער ווי נאָך אַ הייסער צעפּאַרעטער שוויץ־באָד, — אַט דאַן זעהסטו...

פּ ע ט ק ע : אַ, וואָס דו מעליעסט דאָרט...

ב ע נ ד ע ט : נישטקאָשע, ברודער, איך ווייס וואָס איך רעד. שלאָג מיר נור ניט איבער.

פּ ע ט ק ע : אָבער א י ך פֿאַרשטעה דיך ניט. וואָס דו אַליין ווייסט איז ווייניג.

ב ע נ ד ע ט : הער זשע מיך אויס. איך פֿאַרשטעה די וועלט, ברודער. צו דרייסיג יאָר איז צייט צו פֿאַרשטעהן אַט פּונקט ווי דו וואָלסט אָפּגעלעבט עטליכע הונדערט יאָר. און אויב איינער פֿאַרשטעהט ניט צו דרייסיג יאָר — בלייבט ער אַן

אייביגער אידיאָט... וואו בין איך ניט אויסגעווען, וואָס האָב איך זיך ניט אָנגעזעהן און אָנגעהערט... טורמעס אַליין, ברודער, עפּענען דיר דעם מוח און ווייזען דיר אַזעלכעס... דערפאַר זאָג איך דיר — ווילסטו ניט זיין קיין קאַבצאָן — ווער אַ נגיד!

פּ ע ט ק ע : אַ גרויסע חכמה געזאָגט, כאַ־כאַ־כאַ...

ב ע נ ד ע ט : קאָן זיין איך האָב געזאָגט עפּעס אַ נאַרישקייט; דערפון איז דער גרעסטער חכם ניט באוואָרענט. אָבער פון זאָגען ביז — טאָן נאַרישקייטען...

פּ ע ט ק ע : הייסט דאָס אַז דאָס וואָס איך וויל טאָן?...

ב ע נ ד ע ט : איז נאַריש. ווילסטו זיין אַן ערליכער מוזטו פריער זיין אַ גרויסער גנב. אָן קיין געלט קאָנסטו ערליך ניט זיין. מוזט פריער אַ סך, אַ סך אָנ׳גנב׳נען זאָלסט האָבען מיט וואָס די הינטישע מיילער צו פאַרשטאָפּען. ווער וועט דיר ניט נאָכטייטען — „אָט דאָס איז אַ גנב, אַ רויבער, אַ גזלן“?... ווילסטו געהן מאַכען אַ קלייט? ווער וועט אַריבערטרעטען דיין שוועל? פּשוט אוים מורא... האָט דיר נאָך דער ניקאָלייעווער פערד־גנב וויניג וועגען זיך דערצעלט?

פּ ע ט ק ע : וואָס זשע בלייבט צו טאָן?

ב ע נ ד ע ט : איך האָב געזאָגט: ווער פריער אַ גרויסער נגיד — אויב דו ווילסט ניט אַז נחמה׳קע זאָל דיר אויך ליגען אויף אַזאַ בעט און זיך וואַלגערן אין אַזאַ קורין.

פּ ע ט ק ע : (פאַרדרעהט) ווי אַזוי זשע ווערט מען אַ נגיד?

ב ע נ ד ע ט : דורך גנבה!... קאָנסטו ניט אַריינקריכען צו יענעם דורך דער טיר — קריך דורכ׳ן פענסטער!...

פּ ע ט ק ע : (בלייבט שטעהן אַ צומישטער, פּאוזע. ווי ער וואָלט זיך ווידער אָנגענומען מיט מוט) אַ, זאָג דיר וואָס דו ווילסט, נור אַזאַ לעבען איז מיר נמאס געוואָרען. וואָס בין איך אין פאַרגלייך מיט׳ן מינדסטען פּראָסטעק, מיט׳ן נישטיגסטען ווייסען לעבער? ער האָט די פולע פרייהייט און איך?... מיין אייגענער שאָטען איז דאָך איבער מיר אַ מענטש!... ניין, בענדעט, ניין. יאָ, דאָס איינציגע וואָס מיר פעהלט — איז דיין נחמה׳קע. כ׳וואָלט זיך שוין מיט איר ווי ס׳איז פריסטרויעט. זי איז דאָך

א — א מלאך!... בלויז צוליב איר אליין, נור מיט איר רעדען, אויף איר קוקען וואלט מען געקומען צו אונז אין קלייטעל אריין. ניין?

ב ע נ ד ע ט : א, וואס זאל איך מיט דיר רעדען. אז מיט דיר איז ווי מע זאגט — פיפ סוואיע א טשארט סוואיע... (א שווייגען)

פ ע ט ק ע : אך, ווי זי זאמט זיך. —

ע ט ע ל : (פון שלאף, מיט אמאל) נאך ניט!.. נאך ניט!... אוועק, אוועק!...

ב ע נ ד ע ט : וואס איז דאס? ! (שפרינגט האסטיג צו צום בעט) וואס איז, מאמע?

ע ט ע ל : (זיך ווארפענדיג) אוועק, אוועק!... כ׳וויל נאך לעבען!...

פ ע ט ק ע : וואס איז אייך, עטעל? גאט איז מיט אייך.

ב ע נ ד ע ט : בארוהיג זיך, מאמעניו.

ע ט ע ל : אוועק, אוועק!...

ב ע נ ד ע ט : דאס בין איך דאך, בענדעט.

ע ט ע ל : (נאך אלץ האלב פון שלאף) צינד פייער! מאך פייער! זאל ווערען ליכטיג! זאל ווערען ליכטיג!...

ב ע נ ד ע ט : מאמעניו!...

ע ט ע ל : (קאשמאריש) טרייב אים אוועק, לאז אים ניט!... אט שטעהט ער!

ב ע נ ד ע ט : צינד דעם לאמפ, פעטקע! שנעל!

פ ע ט ק ע : (לאזט זיך דאס טאן)

ב ע נ ד ע ט : מאמעניו, דערקאנסטו מיך נישט?

ע ט ע ל : (לאנגזאם) א?... בענדעט?... (כאפט אים ארום, וויינענדיג) מיין קינד!... (קלעמערען זיך איין ביידע, שוויי־גען. — מיד, שוואך) ווארום איז אזוי פינסטער? — אוי, גאט!...

ב ע נ ד ע ט : ששש... באלד זיין ליכטיג. בארוהיג זיך.

ע ט ע ל : (נאך א קורצער פאוזע, מיט אמאל, שרעקעדיג) און וואו איז נחמה׳קע?

ב ע נ ד ע ט : זי איז דאך אוועק נאך א דאקטאר.

ע ט ע ל : נאך ניטא?

ב ע נ ד ע ט: שוין מסתמה באלד אנקומען; זיי רוהיג, מאמעניו.

ע ט ע ל: אוי, ס׳מיר שלעכט, מיין קינד. דער מלאך־המות טאנצט מיר שוין צוקאפּענס, זינגט מיר שוין דאס טויטע לידעלע...

ב ע נ ד ע ט: ששש... רעד ניט אזוי, מאמעניו, בארוהיג זיך... (קורצע פּאוזע) ווייסט, כ׳האב דיר עפּעס צו דערצעלען.

ע ט ע ל: איי, מיין קינד, כ׳פיל מיינע כחות געהען מיר אוים.

ב ע נ ד ע ט: ניין, ניין, אט הער עפּעס... נור דאס אויף שפּעטער. זעה, דא האב איך דיר געבראכט אביסעלע איינגעמאכטס, מיט א גוט ביסעלע וויין. נעם, פּארזוך. וועסט זיך שטארקען. און אפּאר מאראנצען האב איך דיר אויך געבראכט.

— נו, פּעטקע, וואס נעמט דיר אזוי לאנג?

פּ ע ט ק ע: ניטא קיין גאז.

ב ע נ ד ע ט: פּאראן נאך ערגעץ גאז, מאמעניו?

ע ט ע ל: ניטא, ניטא, מיין קינד. ניטא מיט וואס דאס לעמפּעלע אונטערצוגיסען, ניטא... (וויינט)

ב ע נ ד ע ט: ששש... נו, זאל זיין. גענוג צו וויינען. הער אויף... (קורצע פּאוזע) אפשר דא ערגעץ א ליכט?

ע ט ע ל: כ׳ווייס... זוך.

ב ע נ ד ע ט: (צינדט שוועבעל, זוכט אין טיש־קעסטעל, נעמט ארויס א האלב־אפּגעברענט חלב׳ן ליכטעל, צינדט דאס אן, שטעלט דאס אויפ׳ן טיש לעבען עטלען; צו פּעטקען, פול מיט סארקאזם) און אט האבען מיר א אילומינאציע... פּונקט ווי ביי חייקלען, זעהסט?

פּ ע ט ק ע: (שאקעלט ביטערליך אפּ מיט׳ן קאפּ, מאכט אוועק פארצוויפלענדיג מיט דער האנט, אב צום אויוועו)

ב ע נ ד ע ט: גיבען דיר אביסעלע וויין, מאמעניו? (גיסט אן) נעם, דאס וועט דיר שטארקען.

ע ט ע ל: ער זאל מיר נאך ערגער ניט מאכען, מיין קינד... (טרינקט)

ב ע נ ד ע ט: אט אזוי. איצט וועל איך אויפזידען טהע.

וועסטו אויסטרינקען מיט מאַלינעס־איינגעמאַכטס, וועסט גוט איינשלאָפען ווערען — און וועסט זיין געזונט. — פעטקע! שטעל צו וואַסער. — (צו עטלען) וועסט אפשר עסען א מאַראַנץ, אָפּ־שיילען?

ע ט ע ל : ניין, ניין, קינד, מע דאַרף ניט. — אַך, וואָ־רום איז נאָך נחמה'קעלע נישטאָ?

פ ע ט ק ע : מע וואָלט אפשר באַדאַרפט געהן זעהן וואו זי איז.

ע ט ע ל : זי געהט דאָך אַזוי נאַקעט און באָרוויס... זאָל כאָטש חלילה ניט פאַרפרוירען ווערען...

ב ע נ ד ע ט : יאָ, אַ שטאַרקער פראָסט... אָבער דו ווייסט, זי איז געקומען רופען דעם באַטקע פונקט דאַן ווען מיר זיינען געווען דאָרט...

ע ט ע ל : (אין א לייכטען פאָרוואורף) וואָס, דאָרט אויך?...

ב ע נ ד ע ט : נו, נו, ניט געערגערט...

ע ט ע ל : איי, בענדעט, בענדעט...

ב ע נ ד ע ט : הער זשע אוים: האָב איך זי צוגעבונדען צו אַ ביינקעל און אָרויפגעשלעפּט אויף איר אַ פּאָר גוטע ווארימע שיך.

ע ט ע ל : אַ, וואָס קאָן איר שוין דאָס גוט מאַכען... — און דער וויין מיט די מאַראַנצען — אויך פון דאָרט?

ב ע נ ד ע ט : אַ, צו וואָס זיך נאָכפרעגען...

ע ט ע ל : שוין גאָרניט פרעגען אפילו?

ב ע נ ד ע ט : צו וואָס איבעריגע רייד?... ס'וועט דאָך שוין אַנדערש ניט זיין... און דאָס אַנדערע — דעם טאַטען צו־ליב האָבען מיר דאָך דאָרט גאָרניט גענומען. אָבער... ווייסט, מאַמע, הער נור: דער אַלטער וואָרעניק האָט מיר איינגערוימט אַ סוד אַז איר האָט זיך ביידע אַמאָל ליב געהאַט, יאָ?

ע ט ע ל : (זיך דרעהענדיג) נו, מילא, וואָס זשע...

ב ע נ ד ע ט : און . . . איך דענק אַז איר ליבט זיך נאָך יעצט אויך, ניין?

ע ט ע ל : אָ, וואָס איז דאָ, מיין קינד, צו רעדען... גאָר־

ניט, מיין טאַטע, עליו השלום, זאָל זיך ניט געווען אַריינמישען און ניט דערלאָזען...

ב ע נ ד ע ט : ניט דערלאָזען? וואָרום?

ע ט ע ל : ווייל . . . ווייל ער איז געווען אַ גדליהו וואַ־רעניק...

ב ע נ ד ע ט : אפשר אַ גדליהו גנב, אַ?

ע ט ע ל : נו יאָ... מם, וויפיל פּעטש איך האָב דאָס אויס־געכאַפּט איבער דעם גדליהו'ן.

ב ע נ ד ע ט : (ניט פריי) ליבסטו אים נאָך איצט אויך?

ע ט ע ל : (דורך אַ פאַרבאָרגענעם שמערץ) נו, מאַלע וואָס... וועלען זיך צו אַלעם צוהערען... (דורך אַ צוריקגעהאַלטען שמייכעלע) עט, נאַרישקייטען... — דרעהט זיך מיר דער קאָפּ, צו שטאַרקער וויין...

ב ע נ ד ע ט : מאַמע, הער... גדליהו האָט מיט מיר גע־רעדט... פגר'ט נאָך איצט אויך נאָך דיר...

ע ט ע ל : (לאַכט)

ב ע נ ד ע ט : איך מיין דאָס גאַנץ ערנסט.

ע ט ע ל : (דורך אַ שטיפערישקייט איינגעטונקען אין אַ שמערץ) אַ, וואָס דאַרף ער אַ קראַנקע און אַלטע אידענע נאָך מיט קינדער...

ב ע נ ד ע ט : (הומאָריסטיש) ווען אַ שיכור האָט ליב דעם ביטערן טראָפּען קושט ער אפילו דעם דנאָ פון גלעזעל.

ע ט ע ל : (פאַרטראַכט זיך מיט אַ שמייכעל אויפן פּנים. קורצע פּאַוזע)

ב ע נ ד ע ט : פאָלג מיך, מאַמע, אויב דו ווילסט ניט אויסגעהן פון קעלט און הונגער מוזטו ווי פון פייער אַנטלויפען פון אָט דעם חזיר'שען כליוו, פון'ם פאַררוויכערטען לעמפעל און פון'ם טאַטען און אַוועק צו אונז... האָב שכל... מער ווי קאַר־טאָפליעס מיט ציבעלעס מיט אָט דער פוילער שטרוי אויף דר'ערד האָסטו דאָ גאָרניט וואָס אָנצואווערען. דאָרט וועלען מיר דאָך אַ לעב טאָן — ווי גאָט אין אדעם! אין שענסטען און אין בעסטען!

פ ע ט ק ע : אַ, וואָס קלאַפּסטו? וואָס פאַרדרעהסטו דער

מאַמען אַ קאָפּ. איצט איז דאָס ניט פאַר איר. איצט ווען זי האָט שוין קינדער קאָן זי זיך אַזעלכע זאַכען ניט פאַרגינען. אַלעס איז גוט אין צייט, בענדעט. — ניט אַזוי, טעטל?

ב ע נ ד ע ט : אָ, צייט!... וואָס ווילסטו? זי זאָל טאַקע דאָ אײנגאַנצען פאַרטשאַכנעט ווערען? וואָס קאָן זי דאָ דערוואַרטען פון טאַטען?

פּ ע ט ק ע : נישטקאָשע, אָט לאָמיך נור חתונה האָבען פאַר נחמה'קען... — טעטל! איר וואָלט מיך געוואָלט פאַר אַן איידים?

ע ט ע ל : וואָס רעדסטו, נאַרעלע, עפּעס נור געוואָנדט אין מיר?

פּ ע ט ק ע : איר וועט זעהן, טעטל, לאָמיך מיר נור מאַכען אַ קלייטעל, ווערען אַ בעל־הבית, וועט שוין דער אַלטער אויך מרוצה זיין. איר ווייסט וואָס נאָך — איך'ל מאַכען אַ קלייטעל און דעם שווער, ס'הייסט הר' שעפּסלען, אַריינגעמען פאַר אַ שותּף: ס'וועט הייסען אַז ער איז בעל־הבית, איר פאַרשטעהט?

ב ע נ ד ע ט : (לאַכט)

פּ ע ט ק ע : וואָס, וואָס איז דער געלעכטער?

ב ע נ ד ע ט : אָ, ביזט ווי דער מוזשיק מיטן האָז: רעדסט שטענדיג מער ווי דו טוסט. דער טאַטע וועט אים אָפּלאָזען אַ שידוך, ווערען צו אים אַ שותּף... מיט ועמען? מיט אַ גנב? כאַ־כאַ־כאַ...

פּ ע ט ק ע : (אויפגערעגט) אָ, מיט דיר צו רעדן!... (אָב אויף אַ זייט)

ב ע נ ד ע ט : פעלט דיר אַ קלעפּקע, ברודער; פעלט דיר אַ קלעפּקע, כאַ־כאַ־כאַ... (קורצע פּאַוזע. — צו עטלען) נו, ווי אַזוי פילסטו?

ע ט ע ל : אַביסעלע נאָכגעלאָזט. אוי, כאָטש זיין געזונט... ווייל דאָס מוטשען זיך איז מיר שוין אַזוי נמאס געוואָרען... אַז איידער אַזאַ לעבען וואָלט איך שוין בעסער געוואָלט שטאַרבען.

ב ע נ ד ע ט : רעד ניט אַזוי, מאַמעניו, רעד ניט אַזוי. וועסט נאָך לעבען און גוט לעבען. נור דערווייל ווער אַנשלאָפען;

די טהעע וועט אויפזידען וועל איך דיך אויפוועקען, וועסט אויס־טרינקען א פּאָר גלעזער טהעע מיט מאַלינעס, דיר נאָך אריינ־גיסען אין דער טהעע אביסעלע וויין, הערסט? און די מאַמע וועט ווערען צוריק א געזונטע מאַמע...

ע ט ע ל : איי, בענדעט, בענדעט...

ב ע נ ד ע ט : נו, נו, שאַ, שלאָף. (לייגט ארויף אויף איר זיין פּאַלטאָ, נעמט אויך פּעטקעס, דעקט זי גוט איין, אָב צו פּעטקען לעבען אויוועץ — רויכערען... פּאַוזע. — דער הונט בילט, טריט אונטערן פּענסטער)

פּ ע ט ק ע : (אומרוהיג) ווער זאָל דאָס זיין? אזוי שפּעט...

ב ע נ ד ע ט : (לויפט צו, ווישט אויס א שטיק אָנגעפרויר־רענע שויב, קוקט זיך איין) דער אלטער ווארעניק!

ע ט ע ל : (זיך דורכוואַרפענדיג, נייגעריג) ווער איז?

ב ע נ ד ע ט : גדליהו!

ע ט ע ל : (שמייכלענדיג) נארסט אָפּ. (הויבט זיך אויף)

ב ע נ ד ע ט: איך זאָג דיר ס'איז ער.

ע ט ע ל : אַן אלטער נאר, געהאַלטען וואָרט. (א קלאַפּ מיט א טיר אין פאָדערהויז. — לייגט זיך צוריק איין, ליגט אין דערוואַרטונג)

ב ע נ ד ע ט : (אָב צוריק צום אויוועץ, צו פּעטקען, שמייכ־לענדיג) דער ראָמאַן צעפלאַקערט זיך: „הר' ליבער" מאַכט גרייט דאָס פידעלע... ששש... נור ניט איבערגעשלאָגען.

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : (איבערגעטאָן אין שענע קליידער, קומט אריין, צו בענדעטען) וואָס מאַכט די מאַמע?

ב ע נ ד ע ט : אביסעלע בעסער.

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : שלאָפט?

ב ע נ ד ע ט : אַט וועל איך א קוק טאָן. (אָב שמייכלענדיג צו עטלען)

ע ט ע ל : (פאַרשטעלט) ווער איז, בענדעט?

ב ע נ ד ע ט : גדליהו!

ע ט ע ל : (שטיפעריש) גדליהו ווארעניק...

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : (טרעט צו) וואס טוסטו, עטעל?

ע ט ע ל : אט אזוי... — דערלאנג גדליהו'ן א ביינקעל, מיין זון.

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : וואס עפעס — דערלאנג? (טוט דאס אליין) טאקע א גאסט אבער ניט קיין פרעמדער.

ב ע נ ד ע ט : (אב שמייכלענדיג צוריק צו פעטקען, רעדען שטיל)

ע ט ע ל : (הויבט אויף איר קאפ, זעצט זיך איין, קוקט א ווײלע אויף גדליהו'ן, — מידליך נור אנגענומען) טאקע פאר־פוצט ווי א חתן.

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : מיט שעהנע קליידער פאר־טרייבט מען אויף האלב די עלטער. — איי, עטעל, עטעל! אט איצט, ווען איך זיך אזוי לעבען דיר, דערמאן איך זיך פון אמאל... ווען דו האסט זיך עפעס צוגעקילט און א צייט געליגען צו בעט. כ'געדענק ווי איך פלעג קומען און דיר ברענגען פון שעהנסטען און בעסטען.

ע ט ע ל : יא, ס'קוקט מיר אויך אזוי אויס... עפעס דאכט זיך מיר ווי איך בין אצינד פון א טיפען שלאף אויפגעשטאנען און דאס לעבען וואס איז אוועק פון דעמאלט אן איז נור א חלום געווען. יא, איצט, ווען דו זיצסט אזוי לעבען מיר, דערמאן איך זיך אין אלעם, אין אלעם פון אמאל. דאס איינציגע וואס מאכט מיר גלויבען אז ס'איז ניט קיין חלום איז — אט די כאטע מיט דעם האלב אפגעברענטען חלב'ן ליכטעל. מיר זיינען דאך דעמאלט אויך געזעסען אין א ארים שטיבעל, אבער דאך מיט מענשען צוגלייך; די זון האט דעמאלט אזוי שעהן געשיינט, ערב שבת איז דאס געווען; די מאמע האט געבאקען פלעצעלעך און דיר אויך איינס געגיבן. און האסט מיר געבראכט א פלעשעל וויין, געדענקסט? (נעמט זיין האנט) א, גדליהו?

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : יא, עטעל, איך געדענק. דא האב איך דיר אצינד אויך געבראכט דעם זעלבען וויין וואס דעמאלט.

ע ט ע ל : אוי, ווי אזוי האָט יענער ווייַן געהייסען?

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : מאַסקאַט.

ע ט ע ל : (דערפרעהט, באלעבט) מאַסקאַט, מאַסקאַט!... יאָ, יאָ, מאַסקאַט!... אַך, וויפיל מאָל איך האָב זיך געוואָלט דערמאָנען כאָטש אינ׳ם נאָמען פון יענעם ווייַן און ווי אין טויט פאַרגעסען!... — מאַסקאַט, מאַסקאַט!...

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : ווילסט טרינקען אביסעלע?

ע ט ע ל : יאָ, יאָ, גדליהו! גיב מיר מאַסקאַט! אפשר וועלען מיר זיך נאָך אומקערען צוריק יענע באַקען, יענע ברוסטען, יענע רווישיגע יאָרען!... אַך, גדליהו! — זאָג, לעבט נאָך פאַר דיר יענע עטעל פון אַמאָל?

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : (שווייגט, דריקט איר די האַנט און וועדטער, נעמט זיך עפענען די פלאַש ווייַן)

ע ט ע ל : מם, וואָס מיר פלעגען דאָס ניט דערארבייטען... כאָטש איך בין געווען שטענדיג אַ דינסט, שטענדיג פאַרקויפט, אָבער פלעג איר נור קריגען דעם פרייען טאָג — איז מויערען ברעכען, וועלטען איבערקערען!... — אנו, גדליהו, דערלאַנג אַ ביסעל מאַסקאַט. אַ שאַד וואָס איך האָב איצט ניט די מאַמע לעבען זיך, זי זאָל אונטערטראָגען אַ פּאָר פלעצעלעך מיט מאָן און צימרינג ווי אַמאָל.

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : (אַנגיסענדיג, מיט אַמאָל) ווי מיינסטו, עטעל, דער אַלטער וועט ניט אָנקומען?

ע ט ע ל : זאָל ער יאָ אָנקומען, ניט אָנקומען — גדליהו! גיב מיר מאַסקאַט! איך וויל טרינקען, טרינקען, טרינקען!... (טרינקט ברויזענדיג, דורך אַ טרער) אַך, וואוהין, וואוהין זיינען מיינע פּאָר רווישיגע יאָרען אַוועק!... ווי איך האָב דאָס מיין לעבען אָפּגעפינסטערט, באַגראָבען!... (וויינט) אַך, איך נאַ־רישער קאָפּ!... (וואַרפט זיך אריין אין קישען)

ב ע נ ד ע ט : וואָס איז, מאַמעניו?

ע ט ע ל : (שווייגט, וויינט)

ב ע נ ד ע ט : וואָס איז דאָ געווען, גדליהו?

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : ששש, לאָז זי אָפּ. (פירט

אַפּ בענדעטען אויף אַ זייט, פּאַוזע. טרעט צו צו עטלען, באַרוהיגענ־דיג) נו, עטעל, גענוג... (שטיל) ס'איז נאָך גאָרניט אַזוי שפּעט... (אַ טיר־קלאַפּ פון פאָדערהויז, קלעציגע לאַנגזאַמע טריט ווי אַרונטער־געהענדיג פון טרעפּ) ווער זאָל דאָס זיין?

עטעל: (הויבט זיך אויף פון קישען, שרעקעדיג) ס'איז ער! דער אַלטער!... שטעל זיך מיט זיי ביים אויוועץ און איד'ל זיך מאַכען ווי איך שלאָף.

פּעטקע: (צו בענדעטען) עמיצער קומט!

בענדעט: (שווייגט, הערט זיך איין אומרוהיג)

פּעטקע: קום אַוועק פון דאַנעט. (לאָזט זיך אין אַ ווינקעל)

בענדעט: אַ, ס'איז דער באַטקע, שרעק זיך ניט. כ'דערקאָן אים שוין. הערסט ניט דאָס קלאַפּען פון זיינע שטי־וואַליעס — ווי מיט דובינעס.

פּעטקע: און אַז אפילו דער טאַטע, וועסטו דאָ שטעהן?

בענדעט: (פּעסט) יאָ!

פּעטקע: ער וועט דיך אַרויסטרייבען.

גדליהו וואַרעניק: ווי קומט ער גאָר אַהער אין מיטען־דערינען? — (עס הערט זיך פון יענער זייט, באַלד ביי דער טיר, דאָס אָפּקלאַפּען פון שנעע פון די פיס)

בענדעט: נו, שאַ, לאָמיר זעהן וואָס וועט זיין. אָבער יאָ, עפּעס שטעקט דאָ. — ששש... (קוקען אין אויוועץ אויפן פייער, לאָזען אַהין דעם רויך, גלייך ווי זיי וואָלטען פון גאָרניט ניט ווייסען)

עטעל: (ליגט איינגענורעט, קוקט אַרויס פון אונטער דער קאָלדרע. קורצע פּאַוזע)

שעפּסיל:

(קומט אַריין טריט־ביי־טריט, שטעלט זיך אָפּ אומבאַמערקט הינטער זיי. אַ בליק אין זייער ריכטונג, בלייבט אויף זיי שטעקען, גיסט זיך אָן מיט גיפט און אויף זיין פּנים צוגיסט זיך אַ מין ביטערע איראָני — די איראָני פון אַ באַזיגטען; די איראָני פון זיין שיקזאַל, נידער־געשלאָגענהייט און צובראָכענעם גלויבען. טרעט אָפּ אַ פּאָר טריט — שטעלט זיך ווידער אָפּ, קוקט אויף זיי ווידער מיט דער זעלבער גיפ־טיגקייט, אָט פּונקט ווי דאָרט אין זייער גלייכגילטיגען שטעהן ליגט

דאָס אַצינד דער וועהטאָג פון זיין טראַגישען שטורם. שטעהט ווי פאַרגעסענדיג, רייניגט ארונטער דאָס אָנגעפרוירענע פון זיין באָרד און וואָנסען, לאָזט זיך ווי מעכאַניש אָוועקשטעלען זיין שטעקען, בלייבט מיט אים הענגען אין דער לופטען — זיין בליק פאַלט מיט אַמאָל אויף די עשרת־הדיברות אויף דער וואַנט; פירט איבער זיין בליק אויפן שטעקען. קוקט אויף אים — ווי ער וואָלט וועלען דורכשניידען דאָס פאַרשטעלטע, געפינען דאָס פאַרבאָרגענע און אריינדרינגען אין אונבאַגרייפענדיגען... שליידערט אים צולעצט האַסטיג אַוועק אויף אַ זייט ווי ער וואָלט מיט אַמאָל דערשפירט אַ שלאַנג אין האַנט. נעמט ארונטער פון זיך בייז און לאַנגזאַם זיין באַשליק און בורקע, דאָס אונטערשטע פעלצעל, די שאַרפע — אַלעם מיט דעם זעלבען טעמפער. שטעהט אַ צייט, קראַצט זיך פאַרצווייפעלט און ווערטערלאָז אין נאַקען, ציט אין דער לופטען די עטליכע האָר פון קאָפּ; שטעלט אָן אַ פינגער אין מיטען שטערען, קלאַפּט זיך מיט אים לייכט צו — ווי ער וואָלט זיך אַליין אָנגעצייגט די אורזאַכע פון זיין יעצטיגער לאַגע. דרעהט זיך אַהין, אַהער, וואַרפט בליקען דאָס אויף בענדעטען, אויף פעטקען, גדליה'ן... אין זייגע בליקען שפירט זיך אַ מין גריבלען און אין כעס זיין מער אויף זיך ווי אויף זיי; ווי ער וואָלט אָנגעפאַנגען צו באַגרייפען עפּעס אַזעלכעס וואָס איז געווען פון אים ביז אַהער ווי פאַרשטעלט... דערשפירט אַז אָט־אָט קוקען זיי זיך אום אויף אים — דרעהט ער זיך אָפּ אויף אַ זייט, ווי ער וואָלט געוואָלט אויסמיידען ניט צו באַגעגענען זיך מיט זייערע בליקען. שטעהט אַ רגע נאָכדענקענדיג, אָב צו עטלען, בויגט זיך איבער, הערט זיך איין צו איר...)

ב ע נ ד ע ט : (האַלט די גאַנצע צייט בגנבה אַן אויג אויף שעפסלען און ווען דער לעצטער לאָזט זיך צוגעהן צום בעט מאַכט ער אויך אַ טריט אין יענער ריכטונג)

ש ע פ ס י ל : (באַטראַכט דעם וויין, די מאַראַנצען, דעם איינגעמאַכטס... אַ בייזען קוק — אָב אויף אַ זייט; שטעהט... ווי ס'וואָלט זיך ביי אים אין קאָפּ אַלעם אויסגעמישט. ווייסט ניט וואָס צו טאָן)

ב ע נ ד ע ט : (פאַרנעמט זיין פריערדיג פלאַץ)

ש ע פ ס י ל : (אָב נאָך אַ קורצער פאַוזע צום אויפן אויוועו, אַ קוק — לאָזט זיך פרעגען עפּעס בענדעטען, האַלט זיך אָפּ, שטעהט אַ רגע — אָב)

פ ע ט ק ע : עפּעס איז מיט אים.

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : און ניט קיין גלאטע זאך.

ב ע נ ד ע ט : טו אים נור א שלעפ פאר דער צונג.

פ ע ט ק ע : א, וואס סע זאל ניט זיין — וויסען וועסטו שוין ביי אים ניט.

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : זיי צופרידען אז ער טשעפעט ד י ך ניט.

ב ע נ ד ע ט : אט דאס איז דאך טאקע דער שפּיץ: ער זאל אריינקומען, אונז טרעפען — און שווייגען... — נור שא, ער קומט. (נעמען אן צוריק די פריערדיגע פאזע)

ש ע פ ס י ל : (אריין. טראגט קארטאפליעס אין ביידע הענט, טרעט צו צום אויוועז, שטופּט זיך דורך צווישען זיי אן ווערטער, בייטען זיך איבער מיט אנגעצויגענע בליקען — שווייגען)

פ ע ט ק ע : (ווי ער וואלט וועלען איבעררייסען דאס ערנסטקייט, דורך א גוטמוטיגען געלעכטער) וואס פאר גרויסע באראבאליעס.

ש ע פ ס י ל : (נעמט אים דורך מיט א גלאציגען קוק —ווארפט האסטיג די קארטאפליעס אין אויוועז)

פ ע ט ק ע : (צו בענדעטען, שפּאסיג) ווען דו וואלסט אבער געווען ביז אהער דאס טאן וואלטען מיר שוין איצט געהאט געבראטענע באראבאליעס.

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : און ווי געבראטענע הינדעלעך זיי שוין געפליקט.

פ ע ט ק ע : ניט ווי הינדעלעך — ווי ווארעניקעס, כאכא־כא...

ש ע פ ס י ל : (מער אפּארט) חכמ'ן זיך !... (אב צום טיש, רוקט אפּ מיט בייזקייט דעם ווייז מיט די איבעריגע זאכען, שפּרייט א האנטוך, לייגט ברויט, זאלץ, א מעסער, א פּאר ציבעלעס; וואשט זיך, זעצט זך עסען — אבער סע עסט זיך אים ניט. שטעהט אויף א צובראכענער, בעט אוים דעם טופּטשאן, פארוויכערט זיין ליולקע, זיצט, טראכט, לייגט זיך, פאוזע)

ב ע נ ד ע ט, פ ע ט ק ע, ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : (פירען צווישען זיך בתוכם אן ערנסטען געשפּרעך)

פ ע ט ק ע : (צו בענדעטען) אלזא, קום, לאמיר געהן אויפזוכען נחמה׳קען.

ב ע נ ד ע ט : יא, קום.

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : איך׳ל אויך געהן מיט אייך.

ב ע נ ד ע ט : נו גוט. איך מיט גדליהו׳ן וועלען אוועק אויף דער אלטער שטאט און דו אויף דער נייער שטאט. (טוען זיך אן)

ע ט ע ל : (מאכט דעם אנשטעל ווי זי וואלט פון גארניט גע־וואוסט) בענדעט! ניטא נאך נחמה׳קע?

ב ע נ ד ע ט : (נעמענדיג זייערע אויבערשטע מלבושים) ניין, מאמע. דאס געהען מיר זי זוכען.

ע ט ע ל : (פאלשליך) ווידער בלייבען אליין...

ב ע נ ד ע ט : (אפארט, הומאריסטיש) שפילט גוט איר ראלע. (לויט) דער טאטע איז דאך דא.

ע ט ע ל : (פארשטעלט) וואו?

ב ע נ ד ע ט : אט ליגט ער. — נו, זייט געזונט, מאמעניו, איך געה. (צו פעטקען, גדליהון) נו, קומט.

פ ע ט ק ע : (שלעפט אויף זיך לאנגזאם זיין פאלטא, האלט א באאבאכטונגס־אויג אויף שעפסלען)

ב ע נ ד ע ט : (צו פעטקען) זיך נאך ניט אנגעטאן?

ש ע פ ס י ל : (הויבט זיך שווער אויף, לאזט זיך צו עטלען)

פ ע ט ק ע : (צו בענדעטען, לעבען אויוועען) אט זעהסטו, וואס ווילסטו פון דיין טאטען? אט איז ער דאך געקומען... און אט זעהסטו ניט ווי סע קריינקט אים וואס די מאמע איז שלאף? און אט זאגט ער דיר גארניט ווארום מיר זיינען אין הויז און דו גיסט אכטונג אויף דער מאמען.

ב ע נ ד ע ט : ווייס איך טאקע ניט וואס מיט אים איז מיט אמאל אזוי געווארען. און וואס נאך מער — זעהט שטעהן דעם ווייין מיטן איינגעמאכטס מיט אלעם אויפן טיש — וואס ער ווייסט פאר זיכער אז דאס איז גנב׳יש, „פרעמדס“, — און שווייגט.

ש ע פ ס י ל : (צו עטלען) נו, וואס מאכסטו?

ע ט ע ל : (קוקט אויף אים א רגע פאר׳חידוש׳ט) זעהסט

ניט, כ׳בין קראנק: טויט־קראנק. יא, שעפּסיל, כ׳בין אויף צרות... וועסט זיך שוין לאנג מיט מיר ניט מוטשען.

שעפּסיל: (אוועקמורמלענדיג) א, הער אויף, הער אויף...

עטעל: איי, שעפּסיל, שעפּסיל... יא, נאך עפּעס א חידוש וואס דו ביזט געקומען. ווייזט אויס ס׳לעבט נאך פּארט אין דיר אן אדער פון מענשליכקייט, פון א מענשען מיט פאר־שטאנד. זעהסט, אט איז נחמה׳קע אוועק אין אזא פראסט, נאקעט און בארוויס, און איז נאך ניטא. גאט ווייסט וואו זי איז. ווען דו וואלסט אבער מיך געוועזן פאלגען וואלט איצט נחמה׳קע געוועזן אין דר׳היים, ניט דארט ערגעץ אויסגעהן פאר קעלט... — יא, נאך א גליק וואס זי געהט כאטש דארט ניט אין אירע צעריסענע שקראבעס.

שעפּסיל: (ווי דורך א מין חרטה, אפּארט) זי געהט דאך אבער יא אין אירע — צעריסענע שקראבעס... (פאר־קלעמט, פול מיט שרעק) און דער פראסט!... אזוי אומ־רחמנות׳דיג... אך, כ׳פארשטעה גארניט וואס זי איז נאך ניטא... (טרעט צו צו זיינע מלבושים, קוקט אויף זיי מיט א מחשבה אויף אנצוטאן)

פּעטקע, בענדעט, גדליהו ווארעניק:
(אב צו דער טיר)

בענדעט:ווארט א רגע, די וואסער קאכט שוין... (נעמט ארויס דעם טשייניק, לויפט צו צו עטלען) די וואסער האט שוין אויפגעזאטען, האסט ערגעץ טהעע?

עטעל: דארט אויף דער פּאליצע. טהעע — אביסעל ווינעטשע.

בענדעט: (פּארפּארעט) דערלאנגען דיר, וועסט טרינקען?

עטעל: גיה בעסער, גיה, זונעניו; דער טאטע וועט מיר שוין דא אנגיסען.

בענדעט: (אב צו גדליהו׳ן, בגנבה) זאג א גוטע נאכט; זאל דער אלטער מיינען דו וועסט שוין דא ניט זיין, פאר־

שטעהסט? און שפּעטער ווען ער וועט שלאָפען... (אָב צו עט־לען — אַ שעפּטשע, ווידער צו צו זייניגע, רעדען זיך דורך)

ש ע פּ ס י ל : (גיסט אָן אַ גלאָז טהעע, טראָגט צו עטלען)

ע ט ע ל : וואַרף אריין אביסעלע איינגעמאַכטס...

ש ע פּ ס י ל : (אַ קראַץ אין קאָפּ, אַ דרעהעניש פון — יאַ נעמען אייגגעמאַכטס, ניט נעמען; ניט נעמען, יאַ נעמען... רירט זיך צו ווי צו אַ הייסער, זודיגער זאַך; רירט זיך צו — רוקט אַוועק... אַזוי אַ פּאָר מאָל — ביז ער וואַרפט אריין אַ לעפעלע איינ־געמאַכטס, ווי אויפן שפּיץ מעסער)

ע ט ע ל : (ווי זי וואָלט וועלען עפּעס אויסגעפינען) גיס נאָך אונטער אביסעלע וויין אין דער טהעע...

ב ע נ ד ע ט : (שטעלט אָן מיט אַמאָל אויף צוריק אַ ממזר־בליק, ווי ער וואָלט וועלען זעהן וואָס וועט דאָ זיין)

ש ע פּ ס י ל : (ווי אונטערגעבריט, נור באהערשט) וויין מיט טהעע?... צו וואָס? דער קאָפּ וועט זיך דיר נאָך פאַר־דרעהען...

ע ט ע ל : ערגער פון ערגער, שעפּסיל, קאָן שוין ניט זיין.

ש ע פּ ס י ל : (וועלענדיג זיך ארויסדרעהען) א, טרינק אַזוי... איך וויל נאָך אויך געהן זוכען דאָס קינד...

ע ט ע ל : זיי שוין בעסער מיט מיר. זיי געהען אין דרייען, וועט זיין גענוג. איך וויל ניט בלייבען אַליין.

ב ע נ ד ע ט : (מיט אַמאָל) נו, קומט!

ג ד ל י ה ו ו ו אַ ר ע נ י ק : אַ גוטע נאַכט, אַ גוטע נאַכט, ז—זייט געזונט.

ע ט ע ל : (קוקט אים נאָך בגנבה, עס שפּירט זיך אויף איר געזיכט אַ באַהאַלטען גליקליך שמייכעלע)

ב ע נ ד ע ט, פּ ע ט ק ע, ג ד ל י ה ו ו ו אַ ר ע נ י ק : (אָב — ווי זיי מאַכען נור צו די טיר, דערהערט זיך פון דרויסען אַ טופּען פון פערד און אַ קלינגען פון גלעקלעך)

ש ע פּ ס י ל : (פּאַרעט זיך ביי דער פלאַש וויין, פּלפּול'ט זיך צי זאָל ער זיך אין איר יאַ אָנרירען אָדער ניין, — בלייבט הענגען מיט אַמאָל אין דער לופטען מיט דער פלאַש וויין אין האַנט.

שפּיצט אָן דעם אויער צו די גלעקלעך, שווידערט אויף, פאַרשטופּט זי צו עטלען אונטערן קישען)

ב ע נ ד ע ט, פּ ע ט ק ע ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק: (כאַפּען זיך צוטומעלטע צוריק אריין)

פּ ע ט ק ע: (פול מיט מורא) ווער זאָל דאָס זיין, דער פריסטאַוו?

ב ע נ ד ע ט: (עטוואָס מוטיגער) כ'גלויב קוים אויב ס'איז ער אפילו, נור דערווייל קום אַוועק ערגעץ. (אָב מיט פּעטקען אין א ווינקעל)

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק: (שטעהט מבולבל'דיג)

ש ע פּ ס י ל: (ארונטערכאַפּענדיג אַלעס אונטערן בעט, פול מיט שרעק און צוריקגעהאַלטענעם כעס) נאַ, אַט האָסטו, אַ!... איבער דיין זון וועט מען מיך נאָך אויך אין אסטראָג פאַרפּעקלען!

פּ ע ט ק ע: (שעפּטשענדיג) אבער ווער קאָן דאָס זיין?

ש ע פּ ס י ל: (ברומענדיג) פרעגט נאָך — ווער!... (אַ שפּיץ אָן דעם אויער) צוגעפּאַרען מיט גלעקלעך!...

ע ט ע ל: אוי, קינדער, וואָס וועט זיין? באַהאַלט זיך באַטש... כאַפּט אייך אריין אין „הויז“ דערווייל און פון דאָרט וועט איר ארויף אויפן בוידעם... אוי, גאָט!

ב ע נ ד ע ט: זייט רוהיג, מאַמעניו, בענדעטען כאַפּט מען ניט אבי־ווי־אַזוי.

ש ע פּ ס י ל: געהט, געהט צו־אַלדע־רוחות! באַהאַלט זיך כאַטש!...

ב ע נ ד ע ט: מילא, קומט, ברידער...

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק: (איינפּאַלענדיג) שאַ, כ'וועל גאָר זאָגען אַז איך בין אַ דאָקטער; געקומען צום חולה.

ב ע נ ד ע ט, פּ ע ט ק ע: (לאַכען)

ע ט ע ל: (איינשטימיג) דאָס איז אַ געדאַנק; קוקט טאַקע איצט אויס ווי אַ דאָקטער. (ווי זיך פאַרגעסענדיג אין איר ראָלע) קומט אַהער, קומט אַהער; כ'וועל טאַקע אַזוי זאָגען — איר זענט מיין דאָקטער...

ש ע פּ ס י ל: (אויפגערעגט, צושראָקען און ווי ניט באַ־גרייפענדיג) אַ, געהט אייך אין דר'ערד אריין מיט אייערע דאָק־

טוירים! נאָך וואַרעניקעס, גנבים מאַכען פאַר דאָקטוירים! — געהט פאַרבאַהאַלט זיך כאָטש צו־אַלדע־שוואַרצע־יאָר מיט אייך אינאיינעם זאָל אייך זיין! געהט, א שוואַרץ יאָר אויף אייך!

(בענדעט, פעטקע, גדליהו וואַרעניק — אָב)

ש ע פ ס י ל : (צו עטלען) דו שלאָף... (קוקט אויף אַלעם אויב אַלעס איז אין אָרדענונג)

ע ט ע ל: נו יאָ, ס'בלייבט מיר מער גאָרניט צו טאָן ווי נור שלאָפען — שלאָפען און קרעכצען...

ש ע פ ס י ל : נו שאַ... (דעקט זי איין, שטעלט זיך ביים אויווען, רויכערט זיין ליולקע, שאַרט אַרוים קאַרטאָפליעס, קוקט זיך אום אַלע מאָל אומרוהיג צו דער טיר. — אַ געשפרעך פון דרויסען)

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : (פון דאָרט) אָט דאָ איז דאָס. דאָ וואוינט דאָס שעפס דער סטאַראָזש. (שווערע טריט פון עט־ליכע פים)

ש ע פ ס י ל : (שטיל, טרייסלענדיג) ניט פרעהליך, עטעל...

ע ט ע ל : ווער זאָל דאָס זיין?

ש ע פ ס י ל : ווער וויים איך ניט; נור מע קומט, מע קומט... און עפּעס א סך... דאָס קומט מען נאָך אונז אַלעמען. עטעל... וואָס דיין זון האָט אָנגעאַרבייט!...

ע ט ע ל : דער זון?... ער האָט דאָך מיר געזאָגט ער האָט דאָרט גאָרניט געטשעפעט.

ש ע פ ס י ל : האָט ער ווייזט אוים יאָ געטשעפעט. ווען ניט וואָלט מען ניט געקומען. און האָט ער דאָרט ניט גע'גנב'עט, האָט ער ווייזט אוים ערגעץ אַנדערש.

ע ט ע ל : פון דאָרט איז ער געקומען גלייך אַהער. און ביי חייקלען האָט ער בלויז גענומען די שיך — טראָגט זיי נחמה'קע.

ש ע פ ס י ל : וואָס, די שיך... וויים'ך וואָס... האָט ער דיך ניט געבראַכט קיין ווייו מיט מאַראַנצען, מיט... מסתמא אַלעס פון דאָרט אוועקגעשלעפּט... יאָ, איצט וועט מען שוין מיך אויך צונעמען... יאָ, יאָ, עטעל...

ע ט ע ל : דיך? וואָרום דיך?

ש ע פ ס י ל : יאָ, יאָ, עטעלע... איבער דיין זון... ער האָט דיר געבראַכט גנב׳שען ווייַן... אָבער שאַ... זיי קלאַפּען שוין... (קוקט אין אויוועז, שאַרט די קאַרטאָפליעס)

(ווילנער נאַשער, מיקיטאַ פּעלץ, בייזער וואָלף, טרובאַליאַט, ווילדער האָן, בייזע מויז — טראָגען אַריין נחמה׳קען, שטיל, אָן ווערטער)

ש ע פּ ס י ל : (ערשטוינט) וואָס איז דאָס ?...

ב י י ז ע ר  ו ו אָ ל ף : ששש...

מ י ק י ט אַ  פּ ע ל ץ : (צו שעפּסלען) וואו זאָלען מיר זי אוועקלייגען ?

ש ע פּ ס י ל : וואָס איז דאָ ?

ב י י ז ע ר  ו ו אָ ל ף : נישט קיין גנבה... דיין מיידעלע. אָבער שאַ...

ש ע פּ ס י ל : (פאַרכאַפּט) עטעלע !... אונזער נחמה׳קע !...

ע ט ע ל : (אַרונטער האַסטיג פון בעט) וואָס האָט איר איר געטאָן ?

ב י י ז ע ר  ו ו אָ ל ף : וואַרט, מירן אייך דערצעהלען.

ו ו י ל נ ע ר  נ אַ ש ע ר : נור אַן גוואַלדען...

ו ו י ל ד ע ר  ה אָ ן : (שפּרינגט אַרויף בתוכם אויפן אויווען) אהער, אהער, גיט זי אהער די הון ; דער אויוון איז וואַרעם.

ע ט ע ל : אָבער לעבט זי ? לאָזט מיר אויף איר אַ קוק טאָן.

ב י י ז ע ר  ו ו אָ ל ף : ששש... זי שלאָפט... (באַלייגען זי אויפן אויוון)

ע ט ע ל : (רייסט זיך צו נחמה׳קען) לאָזט מיר אַ קוק טאָן אויף מיין קינד !

ב י י ז ע  מ ו י ז : אָט דאָס איז נאָך אַ פּריטשעפּע !

מ י ק י ט אַ  פּ ע ל ץ : נו, טוט איר צוליב, ס׳איז דאָך איר קינד.

ש ע פּ ס י ל : לאָזט אונז, לאָזט אונז...

ב י י ז ע  מ ו י ז : איר וועט זי אויפוועקען, זאָגט מען אייך !

שעפסיל: אָבער זאָגט מיר, וואָס איז איר?

ווילדער האַן: זי שלאָפט... שלאָפט ווי אַ הינ־דעלע...

עטעל: אָבער וואָרום זאָלען מיר ניט קאָנען אַ קוק טאָן אויף אונזער קינד?

שעפסיל: לאָזט מיך, לאָזט מיך! ווער זענט איר? זי איז...

בייזער וואָלף: אַלטער, זייַ רוהיג... (אונטער־שטאַמלענדיג) נו... זי שלאָפט... ווילסט זי אויפוועקען?

עטעל: כ׳וויל אויף איר אַ קוק טאָן...

שעפסיל: עטעל! אויב זיי נאַרען אונז ניט אָפּ! עפּעס איז דאָ!...

עטעל: (צורייצט) לאָזט מיך זעהן מיין קינד, כ׳וויל זעהן מיין קינד! וואָס איז איר?

בייזע מויז: (דערעסען) גאַרניט זאָגט מען אייך! (שטויסט זי אָפּ צוריק)

מיקיטאַ פּעלץ: (זיך אַריינמישענדיג, ווייך, מיט־ליידענדיג) עי, בייזע מויז, לאָז זי דאָרט אַ קוק טאָן.

ווילנער גאַשער: (באַרוהיגענדיג) אַלטע, דיין קינד וועט גאַרניט ניט זיין... זי שלאָפט... (שמערצליך) אַביסעלע זיך איבערהגעגעסען מיטן פראָסט... אָבער...

שעפסיל: (פאַרצווייפעלט) אָ, ווי זיי שלעפּען אונז די אָדערן!...

עטעל: (רייסענדיג) וואָרום לאָזט איר זי אונז ניט זעהן, מזיקים! (ראַנגעלט זיך)

בייזער וואָלף: (האַרציג) אַלטיטשקע, ביזט קראַנק, לייג זיך בעסער אַוועק...

עטעל: (דורך געבעט און קאַמפּף) איך וויל זעהן מיין קינד, איך וויל...

בייזער וואָלף: (גערירט נור אין אַן אויסגעהאַל־טענער שטריינגקייט) נו גוט, אָבער מער ניט ווי אַ קוק טאָן: פון דערווייטענס; שאַ, שטיל, אַן טומעל.

עטעל: (שטעלט זיך אַרויף אויפן ביינקעל — מיט דער

הילף פון די ארומיגע, קוקט אָנשטרויינגענדיג) ס'איז פינסטער, כ'זעה גאָרניט. דערלאַנגט מיר דאָס ליכט.

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : ניין, ניין, דאָס ניט.

ע ט ע ל : אוי, מיין קינד, מיין קינד...

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : הערט אויף, איר וועט זי אויפוועקען. דער שלאָף ביי א מענשען... בעסער טשעפּעט זי ניט. קומט אהער, וועל איך אייך אַלעס דערציילען — נור זי לאָזט שלאָפען.

ע ט ע ל : (מיט פאַרבראָכענע הענט) אַך, מיין קינד, מיין אָרעם קינד...

ש ע פ ס י ל : (איינשטילענדיג) נו, עטעל, שוין, שאַ... קום, לייג זיך אנידער. אבי זי לעבט. הערסט דאָך... מענשען ווילען דאָך אונז ניט אָפּנאַרען... מילא, זאָל זי שלאָפען.

ע ט ע ל : (באדויערענדיג) שלאָף, שלאָף, מיין אָרעם קינד... שלאָף זיך אוים פאַר די אַלע נעכט וואָס דו ביזט ניט דערשלאָפען... (לאָזט זיך זי איינדעקען)

מ י ק י ט א פ ע ל ץ : (אָפּהאַלטענדיג) ס'איז איר שוין אזוי אויך ווארעם, מומעניו; דער טשערין איז איצט ווי א פעלץ.

ש ע פ ס י ל : נו, קום, עטעל, קום. טרעוואָזשע זיך ניט. אבי סע מיט חסד.

ו ו י ל נ ע ר נ א ש ע ר : געהט, געהט, מומעניו, רוט אייך אָפּ און לאָזט זי אויך רוהען. איר זענט דאָך אַליין אויך ניט געזונט... (העלפט איר ארונטערגעהן פון בויינקעל)

ע ט ע ל : נו, דערציילט, וואו האָט איר זי געפונען?

ש ע פ ס י ל : לייג זיך פריער אנידער, פאָלג מיך. (פירען זי צו צום בעט)

ע ט ע ל : (זיך ארויינלייגענדיג) נו?

פ ע ט ק ע, ב ע נ ד ע ט, ג ד ל י ה ו ו ו א ר ע נ י ק : (עפענען אויף צוביסלעך, ווי ניט וואַגענדיג, די טיר, בלייבען מיט אַמאָל שטעהן ווי צומישט)

ב ע נ ד ע ט : (צושראָקען) וואָס איז דאָ?!

ע ט ע ל : (דערפרעהט) בענדעט! נחמה'קע איז שוין דאָ!

פ ע ט ק ע : וואו?

ע ט ע ל : אויפן אויוועז, שלאפט. דאס האבען זיי זי געבראכט.

ב ע נ ד ע ט, פ ע ט ק ע : (טוען זיך א לאז צו זעהן)

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : (פארהאלטענדיג, סימפאטיש) בע־סער טשעפעט זי ניט... איר וועט זי אויפוועקען...

ב ע נ ד ע ט : ווי קומט איר צו איר, זי — צו אייך?

ו ו י ל ד ע ר ה א ז : דער הון זיינען פארגאנגען זאש־פערעס און...

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : שטעה, ווילדער האז! קוקוריקע ניט! — די מעשה איז קורץ: מיר האבען זי געפונען... שטארק אנגעפרוירען...

ע ט ע ל : א דערפרוירענע!... גאט מיינער!... א דער־פרוירענע!...

מ י ק י ט א פ ע ל ץ : (פארריכטענדיג) נו יא... (זיך דרעהענדיג) וואלט נאך געווען דארט אזוי פארבליבען... אז א פעלץ איז שווער זיך צו האלטען אויף א פראסט... וואס ווייסט איר, דער פראסט אז ער פארקלויבט זיך פארקעלעפעט ער ביי דער זיבעטער נשמה...

ע ט ע ל : (קלאגענדיג) אוי, נחמה'קעלע, נחמה'קעלע... מיין ארעם קינד!... אט זעהסטו, שעפסיל, זאלסט אבער ניט געווען זיין אזוי געטריי דיין חייקלען, דיין גאט, וואלט זי דאך...

ש ע פ ס י ל : (געוויסענסבייסיג) עטעל! איך בעט דיך... גענוג... ס'רייסט מיר שוין אזוי אויך גענוג מיין הארץ... אבער וואס בין איך שולדיג?

ע ט ע ל : (איז דער גאל אריין) אודאי ביזטו שולדיג! חייקעל וועט בדיל הדל ווערען — האסטו דאך געשריגען!

ג ד ל י ה ו ו ו א ר ע נ י ק : (זיך ארויגמישענדיג) נו, גענוג. וואס געווען איז פארפאלען. היט יעצט אייער געזונט. בארוהיגט אייך. (רעדט מיט איר שטיל)

ש ע פ ס י ל : (אב אויף א זייט ערגערנדיג)

ב ע נ ד ע ט : (שלעפט אפ בייזען וואלף, מיט נאך א פאר)

פו זאָלט איר ווערן! וואָס האָט איר נאָך געדאַרפט דעם גלאָק?

ווילדער האַן: וואָרום ניט?

פעטקע: (צו בענדעטען) אָט זעהסטו! פאַרן אייגענעם שאָטען דאַרפען מיר מורא האָבען.

ביזע מויז: וואָרום זאָלען מיר פאַרען אַן אַ גלאָק? טאַקע שוין אינגאַנצען מורא האָבען פאַר די קעץ! איך אַליין וואָלט צען „קעץ“ צעריסען!

ווילנער נאַשער: אַ, ס'איז דאָך אַזוי פרעהליך. פאַרקערט, דאָס גלעקעל איז די בעסטע שמירה. ווער פאַרבאַהאַלט זיך דען ניט אונטערן גלעקעל? האָבען מיר אויך געכאַפּט אַ נאַש דערפון.

בענדעט: אַ, צום טייוול מיט אייך! מיר האָבען דאָך געמיינט ניט אַנדערש אַז דאָ זיינען עפּעס אַ גאַנצע מחנה וואָראָנעס אַנגעפלויגען!

גדליהו וואָרעניק: (טרעט צו)

בייזער וואָלף: אָט דערפאַר זאָג איך, מיר זאָלען אַלע אַוועק אין וואַלד אַריין!

גדליהו וואָרעניק: דעם וואָלף נור סע שמעקט אין וואַלד אַריין.

בייזער וואָלף: אַ, ניטאָ קיין סך וואָס צו רעדען. (צו בענדעטען) פאָרסטו מיט אונז, ניט — בלייב דאָ. די חברה זיינען יעצט מיט מיר.

בענדעט: (בלייבט שטעהן אַ געשלאָגענער)

בייזער וואָלף: פון דאַנעט פאָרען מיר אַלע גלייך אַוועק.

בענדעט: (טרויעריג) אַלע?

ביזע מויז: מיר האָבען פאַרלוירען דעם חשק צו דיר. אָפּצואַרבייטען אַ נאַכט און פאַרן רוח!

ווילדער האַן: אין וואַלד אַריין! אין וואַלד אַריין!

גדליהו וואָרעניק: זאָלסט קאָנען שפּרינגען אויף די ביימער?

וו י ל ד ע ר ה אַ ן : קיין בראַטען וועל איך פון זיך ניט לאָזען מאַכען. — און דו, וואַרעניק? בלייבסט דאָ?

ג ד ל י ה ו ו ו אַ ר ע נ י ק : יאָ, איך בלייב אויף שטאָט.

ב י י ז ע ר ו ו אַ ל ף : שמעקסט אין טאָפּ אַריין, נו, גוט. (צו בענדעטען) און דו?

ב ע נ ד ע ט : (מיט אָראָפּגעלאָזטע אויגען) איך קאָן די מאַמע ניט איבערלאָזען... מילא, איר ווילט אין וואַלד אַריין — האַלט איך אייך נישט אָפּ. איך בלייב דאָ.

ב י י ז ע ר ו ו אַ ל ף : (איראָניש) זיין טאַטע איז סטאַראָזש ביי חייקלען און ער — ביי זיין מאַמען. כאַ־כאַ־כאַ־כאַ... — און דו, פוילע קאַץ?

פּ ע ט ק ע : (אָב אויף אַ זייט אָן ווערטער)

ב י י ז ע ר ו ו אַ ל ף : קאָן זיך נישט שיידען מיטן אויוועו. (לאַכט)

ב ע נ ד ע ט : (מיט אַמאָל) נו, זאָל שוין זיין... דער אַלטער איז אין הויז...

ע ט ע ל : זונעניו, באַדאַנק זיי כאָטש וואָס זיי האָבען געבראַכט נחמה׳קעלען.

ש ע פּ ס י ל : (טרעט צו) יאָ, אָט דאָס זיינען מענשען... (נעמט אָן ביידע מויז האַרציג פאַר דער האַנט) וואָס פאַר גוטע מענשען איר זענט! אַך, ווי איך וואָלט אייך געוואָלט מיט עפּעס מכבד זיין, אָבער מיט וואָס?... (אַ בליק אַהין וואו עס ליגט דער ווייז — רייסט זיך באַלד אָפּ) אַ קאַרטאָפּליע וועט איר עסען? (אָב מיט שנעלע טריט צום אויוועו, נעמט אַרויס קאַרטאָפּליעס, לייגט זיי אַרויף אויפן טיש, העכסט גאַסטפריינדליך) נו, קומט אַהער, קומט אַהער, מיינע טייערע... גאָט זאָל אייך קיינמאָל ניט פאַרגעסען.

ב י י ז ע מ ו י ז, ו ו י ל ד ע ר ה אַ ן, ט ר ו ב אַ־ ל י אָ ט, ו ו י ל נ ע ר נ אַ ש ע ר : (זעצען זיך אויס אַרום טיש, שיילען קאַרטאָפּליעס, עסען)

מ י ק י ט אַ פּ ע ל ץ, ב י י ז ע ר ו ו אַ ל ף, ג ד ל י ה ו ו ו אַ ר ע נ י ק, ב ע נ ד ע ט, פּ ע ט ק ע : (שטעהען ביים אויוועו, רעדען שטיל צווישען זיך)

ש ע פ ס י ל : (ביים טיש) ווער פון אייך האט זי די ערשטע דערזעהן?

ו ו י ל ד ע ר ה א ן : אט איענער, ביים אויוועז (צייגט אן אויף מיקיטא פעליץ) האט דער ערשטער ארונטערגעווארפען פון זיך זיין פעליץ און יענער (מיט א פינגער אויף בייזען וואלף) האט גלייך געהייסען פארען צו אן אכסניה מיט איר.

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : (גיט בגנבה א צייכען צו ווילדען האן צו האלטען מויל)

ו ו י ל ד ע ר ה א ן : דארט... האבען מיר זי אנגעווא־רעמט, אנגעריבען גוט מיט בראנפען —

ו ו י ל נ ע ר נ א ש ע ר : און אין איר אויך אריינגע־גאסען אביסעל און... איצט וועט איר שוין זיין גוט...

ב י י ז ע מ ו י ז : (מיט א פול מויל קארטאפליעס, דורך באהאלטענעם סארקאזם) יא, יא...

ע ט ע ל : ארעם קינד... ווי זי האט דאס גאר געקאנט פארנעמען דעם בראנפען... זי האט דאך אים גאר קיינמאל צו אירע ליפען ניט גענומען.

ג ד ל י ה ו ו ו א ר ע נ י ק : (אב צו עטלען, שמועסען שטילערהייד)

ש ע פ ס י ל : וואס פאר טייערע מענשען איר זענט! זאל אייך גאט געזונט גיבען.

ב י י ז ע מ ו י ז : ווי הייסט זי, אייער מיידעל?

ש ע פ ס י ל : נחמה'קע.

ב י י ז ע מ ו י ז : (בכיוון) האט אונז דערצעהלט אז איר פאטער, דאס פארשטעה איך האט זי אייך געמיינט?

ש ע פ ס י ל : יא, נו?

ב י י ז ע מ ו י ז : איר זענט א סטאראזש?

ש ע פ ס י ל : (דורך די ציין) יא, ביי חייקלען...

ו ו י ל נ ע ר נ א ש ע ר : (חידוש'דיג) ווי זשע קומט דאס וואס איר זענט יעצט אין דר'היים?

ש ע פ ס י ל : פארשטעהט איר מיך... (געצוואונגען, זעצט זיך צו צום טיש, מיטן קאפ אין די הענט) יא, א פאלשע

וועלט... ניט צו פאַרשטעהן, מיינע פריינט... (רוקט זיך צו נעהנטער צו זיי, אַ קוק ארום זיך — גאַנץ שטיל) איר הערט... ביי דעם חייקלען, ביי דעם מערזאַוועץ, האָב איך אָפּגעדינט ד ר י י ס י ג יאָר! דרייסיג יאָר געדינט דעם בלוט־זויגער! ווי אַ הונט אים געטריי געווען!... (ווי איינרוימענדיג, פול מיט פייער) און איצט איבער פינף רובעל, האָט ער מיך, אַט די שעלמע — אָפּגעשאַפט!... (פאַררייבערט די ליולקע, דרעהט זיך אַרום אויפ־געריגט אַרום טיש)

ט ר ו ב א ל י א ט : (אָב שוידערהאַפט צו בענדעטען מיט די איבריגע, דערציעהלט זיי איבער דורך אַ שטילען פייער)

ג ד ל י ה ו   ו ו א ר ע נ י ק : (טרעט אויך צו)

פ ע ט ק ע : (אין העכסטער שטוינונג) א. . . ? (מאַר־שירט אַרום ווי דונערגעטראָפען)

ג ד ל י ה ו   ו ו א ר ע נ י ק : וואָס, אָפּגעשאַפט?!

ב ע נ ד ע ט : (מיט אַ שמייכעל פון כעס און צופרידענהייט) אָפּגעשאַפט!...

ב י י ז ע ר   ו ו א ל ף : (דורך אַ פילאָסאָפיש פייער) יאָ! דאָס איז דער ביטערער סוף פון אַלע ערליכע, פון אַלע די וועלכע זיינען זיך מקריב פאַר אנדערע!... פאַנסקא לאַסקא דאָ פאַרע!...

ב ע נ ד ע ט : (דורך אַ אינוועניגדיגען וועהטאָג) אָבער ער פאַרדינט דאָס... — יעצט פאַרשטעה איך שוין זיין שווייגען... (אָב צו עטלען, גיט דאָס איר איבער שטילערהייד)

מ י ק י ט א   פ ע ל ץ : אַ רחמנות אויפן אַלטען פונ־דעסטוועגען.

ג ד ל י ה ו   ו ו א ר ע נ י ק : (אין אַ לייכטער איראָני) נישטקאָשע, יעצט וועט ער וויסען ווי אַזוי קרעפּלאַך צו קלעפּען. זאָל ער וויסען אַז מע דאַרף ניט אינגאַנצען טאַקע נור יענעם לאָזען זשערען און אַליין זאָל רינען די סלינע איבער דער באָרד. קלעפּ איך ווארעניקעס — זאָל איך זיי אויך עסען! ניט דער אנדערער זאָל ליפּען צוזעצטערהייד און איך זאָל קוקען אויף אים! דאָס ווייב מיט די קינדער זאָלען פעכנען פאַר אַ שטיקעל פיטע און ער וועט ציטערן — „פּרעמדס“!...

פ ע ט ק ע : (דורך איינגעהאַלטענעם שטורם, צו טרובאַליאַטען) פאַר וואָס האָט מען דאָס אים אָפּגעשאָפּט? ניין, עפּעס גלויבט זיך מיר גאָרניט. אויב דאָס זאָל זיין אמת... אויב דאָס זאָל זיין אמת, מיין גאָט! דאַרף מען זיי דאָך אַלע דאָרט צ ע ־ ר י י ס ע ן אויף שטיקער!... (שפּאַנט אַרום ברויזענדיג)

ש ע פּ ס י ל : (טרעט צו צו מיקיטאַ פּעליץ) אַט איר מוזט זיין דער בעסטער מענש אין דער וועלט! גיט מיר אייער האַנט. (דריקט זי פעסט) אַ מענש וואָס גיט אוועק פון זיך זיין בגד אום אַנאַנדערען דערוואַרימען און אַליין לאָזט ער זיך פרירען. אַזעלכע זיינען... (אַפּאַרט) וואו האָב איך אים געזעהן? (קוקט זיך איין אין אים, שפּרינגט מיט די בליקען אַריבער אויף די אַרו־מיגע, רייסט אַרויס מיט אַמאָל זיין האַנט ווי פון אַ טומאה) — ג נ ב י ם! . . . ביי מיר אין הויז גנבים! שוין!... גאַנצע באַנדעסווייז קומען זיי שוין צו מיר!... שוין!...

ג ד ל י ה ו ו ו א ר ע נ י ק : (פאַר'גנב'עט זיך בתוכם צו עטלען, רעדט שטיל און באַלעבט)

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : (אָנגערירט) ע, אַלטער, אַלטער! דאָ זיינען ניט בלויז גנבים, דאָ זיינען אויך מענשען!... וואו מיר זיינען גנבים — זיינען מיר, אָבער וואו מיר דאַרפען ניט זיין קיין גנבים — זיינען מיר נאָך מער ווי מענשען! מיר, די וועלכע איר זעהט זיינען ניט די אמת'ע גנבים. די אמת'ע גנבים זיינען אַט יענע „ערליכע", די צו וועלכע איר דינט ווי צו אַן אָפּגאָט. מיר זיינען די פאַלשע גנבים. מיר זיינען זיך ניט מער גנבים ווי בלויז דער פוקס — וועלכער ווייסט צו גנב'נען אַזוי פיל וויפיל ער דאַרף ער זאָל קאָנען עקזיסטירען. די אמת'ע גנבים אָבער, זיי גנב'נען אַזוי אַז אפילו נאָך זייער טויט זאָל אויך האָבען וואָס צו בלייבען פאַר זייערע לעדיג־געהער, פאַר זייערע יורשים. דאָס איינציגע וואָס מיר זיינען שולדיג — איז וואָס מיר ווילען לעבען. זיינען מיר דען ניט דערויף גע־שאַפען?

ג ד ל י ה ו ו ו א ר ע נ י ק : (צו עטלען) איך געה ברייגגען אַ פור... (האַסטיג אָב, די איבריגע זאָלען אים ניט מערקען)

ש ע פ ס י ל: (צו בייזען וואָלף) אויף וואָס, צו גנב'נען?

ב י י ז ע ר  װ ו א ל ף: „גנב'נען"?... איך מיין גע־שאַפֿן געוואָרען צו לעבען, עקזיסטירען, איר פֿאַרשטעהט? נור אויב דאָס לעבען לערנט גנב'נען — גנב'נען מיר.

ש ע פ ס י ל: וואָס? דאָס לעבען לערנט גנב'נען? דאָס פֿאַרשטעה איך ניט. וואָס פֿאַר אַ לעבען לערנט דאָס גנב'נען?

ב י י ז ע ר  װ ו א ל ף: נו, אָט דאָס לעבען אין וועלכען מיר, איר, געפֿינען זיך. דאָס לעבען זאָגט: לעב! האָסטו ניט קיין מעגליכקייט — דאַן אָדער טו אַלעם אָדער פּגר! ווילסטו ניט פּגר'ן — דאַן טו אַלעם נור לעב. איר רופֿט דאָס „טאָן אַלעם" — גנב'נען, זאָל זיין אַזוי.

ש ע פ ס י ל: (אַ קלער) אַ, גנבים בלייבען גנבים!... (אָב אויף אַ זייט, מער פֿאַר זיך) דעם אמת ניט צו פֿאַרשטעהן...

מ י ק י ט א  פ ע ל ץ: (צו זייניגע) אַ שטאַרקער מענש. זיין נשמה איז ניט פֿון קיין פּראָסטער פֿעל געמאַכט.

װ י ל נ ע ר  נ א ש ע ר: (צוטרעטענדיג) וואו איז דער וואָרעניק? שוין אַוועק? דער וואָרעניק מיט דער פֿוילער קאָץ מוזען דאָ האָבען עפּעס צום „נאַשען".

ע ט ע ל: שעפּסיל! קום נור אַהער. ס'אמת, חייקעל האָט דיך אָפּגעזאָגט?

ש ע פ ס י ל: (זיך אין באָרד אריין) יאָ.

ע ט ע ל: ווארום?

א ל ע: (הערען זיך איין)

ש ע פ ס י ל: ווייל אַז מ'האָט אַ זון אַ גנב טראַכט מען שוין וועגען טאָטען אויך ניט בעסער... וויפֿיל איך האָב זיך ניט געריסען: זאָל ער מיין שוועל ניט אריבערטרעטען!... (דרעהט זיך אַוועק אַ פֿאַרצאָרנטער, אַ פֿארצווייפֿעלטער, זעצט זיך אויפֿן טופּ־טשאַן, רויבערט)

מ י ק י ט א  פ ע ל ץ: (טרעט צו צום פֿריערדיגען) איך פֿאַרשטעה ניט, קאָן ער דען אייך ערשט פֿון נעכטען? איר זאָגט דאָך, שעפּשע, אַז איר זענט שוין ביי אים דרייסיג יאָר.

ש ע פ ס י ל: יאָ, פֿאַר דער לעצטער צייט האָט ער זיך

געהאלטען, דער סוואלאטש, אין איין זוכען. ווייזט אוים עמי־
צער האט אנגערעדט, אדער וואס... כ׳ווייס ניט. אבער יא,
אביסעל איז ער געו־עכט.

ע ט ע ל : מאכט אים נאך גערעכט!

ש ע פ ס י ל : נו אודאי... אט די פינף רובעל וואס איך
האב דארט אויפגעהויבען אונטערן טיש... באדארפט געוועז זיי
אפגיבען חייקלען, און זיי אוועקגעגיבן נחמה׳ען...

ע ט ע ל : אפילו אזוי, איז ער דערפאר גערעכט! כ׳האב
דאך באדארפט א דאקטאר, איך...

ש ע פ ס י ל : נו, זאגט ער... ווער סע נעמט פון אונ־
טערן טיש נעמט שוין פון אויפן טיש אויך און...

ב ע נ ד ע ט : ((שטעלט אן אויף אים א שפיציגען בליק —
פארשוויגט)

ע ט ע ל : איי, שעפסיל, שעפסיל... ביזט נאך ערגער פון
אים אז דו קאנסט זיך נאך אננעמען זיין קריוודע!

ב י י ז ע ר ו ו א ל ף : אזוי!... הייסט דאס איבער די
פינף רובעל האט ער דיר געגעבען דעם וועג! און דו ביזט נאך
אויף זיין זייט... קיין וואונדער ניט וואס דו האסט געקאנט
אויסזיין ביי אים דרייסיג יאר און זיך וואלגערען אין אזא בער־
לאגע.

ש ע פ ס י ל : (לײדענדיג, מילד) איי, מיין פריינד, מיין
פריינד... ביזט דאך א גנב, א בייזער וואלף... אבער יא — א
מענש ביזטו! א מענש מיט א הארץ.

ב ע נ ד ע ט : (שטעלט אן א חידוש־בליק, אב מיט א
שמייכעל צו די וואס ארום טיש) טשוכעט זיך אוים צוביסלער...
(לאכען, רעדען שטיל, רויכערען)

ש ע פ ס י ל : (צו בייזען וואלף) זאג מיר דו, ווי הייסטו
דארט... נור וואס מאכט דאס אוים... ווי איך זעה, ביזטו דאך
א גוטער און א קלוגער אויך... זאג מיר — וואס האב איך גע־
זאלט טאן? מיין טאטע האט מיך פארט אנדערש ניט געלערנט.
מיט קיין מענשען בין איך זיך קיינמאל ניט צונויפגעקומען. פון
דער זעמליאנקע צום סקלאד און פון סקלאד צו דער זעמליאנקע.

(אַנגעװעהטאָגט) כ'קאָן דאָך אפּילו כמעט מײַנע קינדער ניט... (װײַנט)

בענדעט: (דרעהט זיך אָפּ אויף אַ זײַט טיף געריהרט)

שעפּסיל: װען פּלעג איך זײ זעהן, װען פּלעגן זײ מיך אָנקוקען? — יאָ, אַלע יאָרען געאַרבײט שװער װי אַן אײזעל. שטענדיג אין דער יאַרמאַ, בײטאָג און בײנאַכט אים געהיט געטרײ װי אַ הונט — און איצט אויף דער עלטער... (לײגט זיך מיט פאַרשטיקטע טרערען)

בענדעט: (אָב צום אויװען, צו פּעטקען) נאָ, אָט האָסטו אַ בײשפּיל: קוק זיך אײַן... — (לאָזט זיך ארויפשטעלען אויפן בײנקעל װאָס בײם אויפן־אויװען, אפּאַרט) װאָס מאַכט דאָרט עפּעס דער פאַרפרוירענער בוריק?

בײזער װאָלף: (װינקט צו די װאָס אַרום טיש זײ זאָלען אים ניט לאָזען)

װילדער האַן, בײזע מויז, װילנער נאַשער: (אָב צו בענדעטען, האַלטען אים אָפּ, פאַררעדען אים)

בײזער װאָלף: (האַלט אָן בתוכם זײַן געשפּרעך מיט שעפּסלען) יאָ, אַלטער, ביזט ניט דער ערשטער און ניט דער לעצטער װעלכע װערען באַהאַנדעלט ערגער פון הינט; ערגער װי אין גהינום טיראַניזירט... װי דו קוקסט מיך אָן, האָב איך אויך עפּעס װעגען מײַן פאַרגאַנגענהײט צו זאָגען. דענק ניט אַז אַזעלכער װי איך בין אַצינד בין איך געבוירען געװאָרען; אַ. נײן! איך בין שוין געװען „אויפן פערד" נור פאַר מײַן גוטס־קײט האָט מען מיך אַרונטערגעװאָרפען. מײַנע געשעפטען האָ־בען באַטראָפען שװערע געלטען, אָבער פאַר מײַן מיטגעפיל, פאַר מײַן מענשליכער באַציהונג צו אַנדערע... האָט מען מיך אַזױ לאַנג געשטעלט צום צעטעל ביז איך בין אינגאַנצען אװעק באַנק־ראָט. בין איך אװעק אַרבײטען אויף אַ זאװאָד. געאַרבײט און זיך צוגעקוקט װי אַנדערע װערען פאַרשקלאַפט און אויסגע־ריסען; האָב איך זײ געװאָלט פאַרלײכטערען... זײ אָנגעפאַנגען צו לערנען װי אַזױ פון זיך דעם יאָך אַרונטערצואװאַרפען... און דערפאַר, אַנשטאָט די בהמות זאָלען מיר דאַנקען און מיך פאָלגען

האבען זיי מיך פאר'מסור'ט און פאר מיין הארץ, פאר מיין מויל מיך אין קייטען געשלאסען, איר פארשטעהט?... פון דאן אן ביז איך אוועק אט אויף דעם וועג — אויפן וועג אויף וועלכען טויזענטער און טויזענטער בלאנדזשען... אויב איינער איז א גנב, איז נישט אומזיסט, אלטער.

שעפסיל: אבער איז דאס א לעבען פרעג איך?

בייזער וואלף: (שווייגט, זיצט אין א צוברויזטער דערשלאגענקייט, איבערלעבענדיג פארשידענע פארגאנגענהייטען. פאוזע)

טרובאליאט: (איז ביז אהער געזעסען, זיך איינגעהערט ווי איינער וואס האט אויך עפעס צו דערצעהלען פון זיך, וויל עפעס אנפאנגען, רייסט זיך אפ, אב פארביטערט צו די וואס ארום אויוועזן, נעמען זיך שפילען אין קארטען. שפילען און זינגען שטילערהייד)

בייזער וואלף: (ווי קומענדיג צוריק צו זיך, פעסט) יא, אלטער!.. מיר לעבען יעצט ניט אזוי אום צו לעבען נור אום ניט אונטערצוגעהן. און וואס נאך מער — די ראכע!... נקמה, מיין פריינד, דאס איז אונזער אלעמענס לוין... קומט אויך מיט אונז. טרעט אריין אין אונזער לאגער. ניט אזוי ווי אויף צו לעבען ברייט ווי זיך אפצורעכענען!

שעפסיל: (אויפכאפענדיג) אפרעכענען?...

בענדעט, פעטקע: (מורמלען זיך דורך, שטעלען אן זייערע אויערען צום געשפרעך פון די לעצטע, הערען זיך איין שפאנענדיג)

בייזער וואלף: יא, יא, אלטער! נקמה איז אויך פון גאט געגיבען געווארען צו באצאלען די שלעכטע און פארדארבענע פאר זייערע אומרעכטען. ביז אהער האט איר גע-דינט אייערע חייקעלס מיט אייער הארץ און נשמה, אבער דעם סוף זעהט איר שוין. איך דענק אויב דער מענש איז געשאפען צו זעען גוטס האט איר שוין אייער חוב דערפילט. ביז היינט האט איר געזעעט, יעצט מוזט איר שניידען. ניט אייביג זעעט מען. נאך זריעה קומט שניט. און וואס האט איר יעצט צו שניידען?... קומט מיט אונז, אלטער! איינער אליין איז אין

שלאכט ניט קיין העלד. יאָ, יאָ, מיין ליבער! דאָס לעבען איז א שלאַכט! איינגעטיילט אין צוויי לאַגערם: איין שונא קעגען צווייטען. ביז אהער האָט איר באַלאַנגט צו איין שטה און זענט איר איצט פון דאָרט ארויסגעוואָרפען געוואָרען — שטעהט ניט, וואַרט ניט לאַנג און אַריבער גלייך אויף דער פאַרקערטער זייט, אויב איר ווילט נאָך ניט אונטערגעהן. נאָך היינט נאַכט האָבען מיר אָפּגעמאַכט צו פאַרלאָזען די שטאָט און אַוועק אין די וועל־דער. מיר האָבען שוין באשטימטע פּלעצער און פּלענער. קומט אויך מיט אונז. איר וועט גאָרניט דאַרפען טאָן. מיר וועלען אייך מאַכען פאַר אַ קרעטשמאַר, וועט איר זופען אַ שנעפּסיל און זיך צוקוקען וואָס דער בייזער וואָלף קאָן אויפטאָן פאַר דער נקמה וואָס ברויזט און לאָזט ניט רוהען — געהט איר מיט אונז?

ש ע פּ ס י ל: (גלעאַסען) איי קינדער, ס'אַ זינד!

מ י ק י ט אַ פּ ע ל ץ: דער אַלטער האַלט זיך ביי זיי־נעם. (אַב שמייכלענדיג צו דער קאָרטען־שפּיל)

ב י י ז ע ר ו ו אָ ל ף: אַ זינד? נישטקאַשע, אַלטער. אויב אַפילו זינד וועלען זיי האָבען אויף וועמעס קעפּ צו פאַלען. אָבער ניין, אָט אזאַ לעבען ווי דיינס איז שוין אַ זינד. האָסט ביז אהער געזינדיגט: בלויז דערמיט וואָס דו האָסט אָפּגעלעבט דיינע בעסטע יאָרען אין אזאַ שמוציגען לאָך! זיינען מיר מענשען — דאַרפען מיר זעהן שאַפען עפּעס שענערס. אַליין אויפטאָן און געניסען אויך דערפון וואָס אַנדערע טוען אויף. קומט! מירן נעמען דאָס לעבען מיט שטאַרקייט! און אויב מיר וועלען דורכפאַלען — וועלען מיר אמווייניגסטען שטילען אונזער דורשט צום לעבען מיט דער נקמה וואָס מיר וועלען נעמען פון די וואָס באַטראָגען אונז. קום, אַלטער! אין ערגעץ איז ניט אָנגעשריבען ווער עס זאָל זיך וואַלגערען אין היילען און ווער אין פּאַלאַצען; ווער עס זאָל אויסגעהן פון הונגער און וועמען סע זאָלען פּלאַצען די בייכער פאַר זאַטקייט.

ש ע פּ ס י ל: איז ונתנה תוקף......

ב י י ז ע ר ו ו אָ ל ף: לאָז זיך אוים דערפון. אַלעם הענגט אָפּ פון אומשטענדען און נאָך מער פון מענשענס ווילען.

שטאַרקע ווילענס באַזיגען אומשטענדען. דער מ ע נ ש, דו פאַרשטעהסט? דאָס מיינט דורכאויס — ו ו י ל ע ן!...

ש ע פּ ס י ל: (צופּעפענט דאָס מויל, קוקט אויף אים מיט ביידע אויגען)

ב י י ז ע ר ו ו אָ ל ף: (התפּעלות׳דיג) יאַ, דער ווילן!... ער איז דאָס דער קערן פון וועלכן עס זיינען אַרויס די הימלען מיט די ים׳ען, בערג און טאָלען; צו אים באַלאַנגט די מאַכט. ער איז אומבאַגרעניצט!... איר זעהט! איר דאַרפט בלויז אַ שאָקעל טאָן אייערע אברים, אַרונטערטרייסלען דאָס פאַרשימעלטע וואָס דער טאַטע מיטן זיידען מיט דער באָבען האָבען אייך אַרומגעקלעפּט. גיט נור וועג אייער ווילען, שטערט אים ניט וועט איר זעהן וואוהין ער וועט אייך פירען. דורך אייער בלינדען פאַרשאָלטענעם גלויבען איז ער ביז יעצט געווען ווי געשמידט... לאָזט אים פריי, פריי...

ע ט ע ל: (הערט זיך איין די גאַנצע צייט מיט לייב-און-לעבען. — נאָכמורמלענדיג) פריי, פריי... — אַ פיין צינגעל...

ש ע פּ ס י ל: (ווידער אָנגעפילט מיט גלויבענס-שרעק) געוואַלד, געוואַלד!... איך פאַרשטעה דיך ניט... מיינע אויערן פאַרנעמען דאָס ניט!... (הויבט זיך אויף, טרעט אָפּ)

ב י י ז ע ר ו ו אָ ל ף: (נאָך אים נאָך) עס ציטערט זיך דיר אויס, אַלטער.

ש ע פּ ס י ל: (אָפּטרעטענדיג ווייטער, מיט אַ שרעקעדיגער, ציטערדיגער האַנט) ניין, ניין, אַוועק, אַוועק... ניט נור אַ גנב ביזטו נור אויך אַ שטן, אַ שד!... לאָז מיך אָפּ!... (טרעט אָפּ אויף צוריק אַלץ ווייטער און ווייטער)

ב י י ז ע ר ו ו אָ ל ף: נו, גוט, כ׳וועל דיר שוין מער גאַרניט זאָגען. בלייב דיר מיט דיין פאַרשימעלטען ונתנה-תוקף אויף דיין מוח, מיט דיין זיידענס געשטעלטע פּאַקען אויף דיינע קישקעס מיט חייקעל׳ס קרעץ אויף דיין נשמה און מיט דיינע אייגענע מכות אויף דיין געוויסן. יאַ, מיט דיינע אייגענע מכות אויף דיין געוויסן — פאַר דעם קרבן וועלכער איז געפאַלען איבער דיינע בילמיגע אויגען: דיין בלינדען גלויבען!

פ ע ט ק ע : (מיט אַמאָל, אויפגעטרייסעלט, צו בענדעטען)
א קרבן ?... (קוקען זיך ביידע איבער : דער ערשטער שטעלט אַן
אַ בליק צום אויוועץ, דער צווייטער צום בעט)

ב י י ז ע ר ו ו אָ ל ף : (פאַרזעצענדיג, צו שעפּסלען) ביזט
א פארשאָלטענער — און דו ווייסט דאָס ניט !... (לאָזט זיך צו
זייגיגע)

ש ע פ ס י ל : (אפּאַרט, מיט אַ טיפען אומרוהיגען אויסדרוק)
„פּאַקען אויף די קישקעס, קרעץ אויף מיין נשמה", אוז, אוז...
(אויפגעברויזט) אַ, דו סאטאנא !... ברענען זאָל דיר דיין צונג !...
ווי שארף זי איז !... (שלעפּט אַרויס אַ פלאַש בראָנפען) וועל איך
זיך דאָס איצט אָנטרינקען !... אויסטרינקען דעם ביטערן טראָפּן
ביז צום דנאָ !... (טרינקט)

פ ע ט ק ע : (זוכט אַ געלעגענהייט אַרויפצוכאַפּען זיך אויפ'ן
אויוועץ, דרעהט זיך ארום די זייטען)

ש ע פ ס י ל : (אַ שליידער פון זיך האַסטיג די פלאַש) א
שטארקע פלאַש !... צוברעכט זיך ניט, אין דר'ערד אריין !...
(מאַכט אַ פּאָר שפּאַן צו די גנבים, קערט זיך אום צוריק, לייגט זיך
אַוועק אויפ'ן טופּטשאַן — שלאָפט איין, פּאוזע)

ב ע נ ד ע ט : (שטעהט אַרום דער קאָרטענשפּיל נור מאַכט
דעם איינדרוק ווי ער האָט עפּעס אַנדערש אין זינען)

ע ט ע ל : בענדעט ! (ער טרעט צון) צו שטארקער וויין.
דרעהט זיך מיר דער קאָפּ, בענעניו. אפשר כאַפּען אַ דרימעל ביז
גדליהו וועט קומען.

ב ע נ ד ע ט : גוט, מאַמעניו, גוט. (דעקט זי איין, אַב
צוריק אויף זיין פריערדיג אָרט, פּאוזע)

פ ע ט ק ע : (פאַר'גנב'עט זיך אויפ'ן אויוועץ, קוקט זיך איין
אין נחמה'קען... אויפגעשוידערט, אפּארט) איז דאָס מעגליך ? ! —
בענדעט !

ב י י ז ע ר ו ו אָ ל ף : (וואַרפט אַוועק די קאָרטען,
בייז) אַ, די פוילע קאַץ ! האָט זיך אָבער דעביוועט !

פ ע ט ק ע : (וויינענדיג) קום 'הער, בענדעט, כ'גלויב ניט
מיינע אויגען... (וויינט)

בענדעט: (טוט זיך א ריס)

ביי זער וואלף: (פארהאלטענדיג) ששש... אז טומעל.

בייזע מויז: א כאליערע! צעדרעהט די שפיל!

בענדעט: וואס איז, פעטקע!

ביי זער וואלף: (שטאמלענדיג) דיין — דיין שוועסטער...

בענדעט: טויט?...

ביי זער וואלף: אבער בענדעט... האב רחמנות אויף דיין מוטער.

בענדעט: (אויספלאצענדיג) א, מיין שוועסטער!...

ביי זער וואלף: (מיט א האנט אויף זיין אקסעל) בענדעט, דיין מאמע איז קראנק, זי וועט דאס ניט איבערטראגען. דאס האבען מיר אוממיסטען זי אפגעהאלטען.

בענדעט: (אין זיך, שטיל, הארציג) א, מיין נחמה־קעלע... (שפרינגט ארויף אויפ׳ן אויווען, קאנטראלירט זיך, שווייגט — ווי פארשטיינערט. קורצע פאוזע) מיין שוועסטער — איז טויט... (זיצט ווי פארגליווערט. פאוזע. שפרינגט האסטיג ארונטער, כאפט שעפסיל׳ס שטעקען, פארטראגט זיך אויף שעפסלען)

מיקיטא פעליץ: (א שפרונג) בענדעט! מ׳טאר ניט!... (כאפט אויס פון אים דעם שטעקען) ער איז דיין טאטע!...

בענדעט: (לאזט נאך, קורצע פאוזע) אה, ווי באהאלט מען דאס פון איר?... (שפאנט ארום אין דער העכסטער פארצווייפ־לונג)

פעטקע: (איבער נחמה׳קען) נחמה׳קע, נחמה׳קע, דו, מיין טרייסט, מיין גלויבן, מיין וועלט — ביזט טויט... טויט... אך, ווי פרי איז מיין זון פארגאנגען, מיינע לעצטע, שענסטע האפענונגען פארשוואונדען!... און פון וועמען, פון וועמען זאל איך דאס יעצט נעמען ראכע פאר דיין טויט, פון וועמען?!... יא, ווי גרויס איז מיין שמערץ — אפילו ראכע צו נעמען פאר דיין טויט איז ניטא פון וועמען!... דיין טאטע איז אפילו א סך שולדיג אין דיין פריצייטיגען טויט, אבער ער זיין שטראף

האָט שוין געקראָגען. אָ, וואָס וועט יעצט ווערען פון מיר?...
(ארונטער פון אויפן אויוועז)

ב י י ז ע ר  ו ו אָ ל ף : (שפּאָסהאַפט) יעצט וועט פון דער פוילער קאַץ ווערען אַ בייזער טיגער.

פּ ע ט ק ע : (אונטערכאפּענדיג) אַ בייזער טיגער ?

ב י י ז ע ר  ו ו אָ ל ף : יעצט האָסטו דאָ ניט מער וואָס צו טאָן. קום מיט אונז.

פּ ע ט ק ע : (איבער'חזר'ענדיג) אַ בייזער טיגער!...

ב י י ז ע ר  ו ו אָ ל ף : קום מיט אונז.

פּ ע ט ק ע : מיט אייך?... יאָ, איך געה מיט אייך!... אין וואַלד אַריין!... אַ בייזער טיגער וועל איך איצט ווערען! בייז און גרויזאם צו נאַטור און מענש! צו גאָט און צום טייפעל!... דער טויט וועט זיין מיין שפּילצייג ביז איך וועל ניט נעמען קיין בלוטיגע נקמה!... יאָ, די פוילע קאַץ ווערט יעצט — אַ בייזער טיגער!...

ב י י ז ע ר  ו ו אָ ל ף (שפּאַסיג און דאָך מיטפילענדיג)
נו, קום זשע, בייזער טיגער, קום.

ב ע נ ד ע ט : (זיצט אין אַ ווינקעל, דעם קאָפּ פארגראָבען אין די הענט — פול מיט צער)

אַ ל ע :

— : עס לעבט דער בייזער טיגער!

— : נו, קום, בייזער טיגער!

— : אין וואַלד אַריין!

— : די נאַכט איז נאָך אונזערע!

— : מיר וועלען נאָך אַ הוליע טאָן!

אַ ל ע : (לאָזען זיך אַוועקגעהן)

פּ ע ט ק ע : (ווידער ארויף אויפן אויוועז) נאָך איין קוש מיין אויסגעלאַשענעם שטערן וועלכער האָט מיר ביז היינט געשיינט אין מיין פינסטער לעבען!... (פאַלט צו ווי אַ שטיין, וויינט מיט אָפּגעריסענע טענער. נאָך אַ קורצער פּאַוזע) יאָ, נחמה'קע! איך שווער ביי דיין האַנט ניט צו רוהען ביז איך וועל זיך פאַר דיין גרויזאַמען טויט ניט אָפּרעכענען! וועלדער און פעלדער

װעל איך צינדען און װען איך װעל אין זײער פײער טאנצען װעסטו דארט אויך זײן מיט מיר!... דורך פײגעל, חיות און מענשען װעל איך שיקען מײנע גריסען צו דיר...

א י י נ י ג ע: (צװישען זיך) דער בחור איז פון זינען...
(מורמלען זיך איבער מיט װערטער, דריקען אויס א טיפען באדויער)

פ ע ט ק ע: (פארזעצענדיג) זײ װעלען דיר דערצעהלען װי גרויס מײן ליבע איז צו דיר געװען און אויך אצינד... יא, ליג רוהיג... אין גיכען װעסטו הערען פון מיר...

ב י י ז ע ר װ ו א ל ף: קום, קום, בײזער טיגער, דומער נאר. טויטע הערען ניט, טויטע רעדען ניט...

פ ע ט ק ע: (אב פון נחמה׳קען) פאר מיר װעט זי אײביג לעבען!... אײביג װעל איך זי הערען רעדען און זינגען!... — בענדעט, דײן האנט... פארשטעהסט די װעלט! — נו, בלײבסט דא?

ב ע נ ד ע ט: (הויבט זיך אויף לאנגזאם, צובראכען) יא.

פ ע ט ק ע: בלײב זשע מיר געזונט — מײן הארציגער פרײנד און אײביגער חבר... (נעמען זיך ארום, קושען זיך)

ב ע נ ד ע ט: (װי ער װאלט זיך אײנגעהאלטען מיט אלע כחות פון אן אויסברוך, קאן קײן װארט ניט אויסרעדען)

— : טיגער אין װאלד אריין!

— : אין װאלד אריין!

א ל ע: (חוץ בענדעטען — אב. עס הערט זיך באלד א גלעקלעך־קלאנג און דאס אפפארען פון אונטערן פענסטער)

ב ע נ ד ע ט: (בלײבט שטעהן װי ער װאלט זיך דערפילט אײנער אלײן; װי א גאנצע װעלט װאלט אים חרוב געװארען; װי געבליבען אײנער אלײן אין א גרויסען חלל. — לאזט זיך ארונטער אויף א בײנקעל, דעם קאפ װידער אין די הענט, זיצט א טרויעריגער, א דערשלאגענער — פול מיט צער... לאנגע פאוזע)

ע ט ע ל: (זיך דורכװארפענדיג פון שלאף) װאס מאכט נחמה׳קע, בענעניו, שוין אויפגעשטאנען?

ב ע נ ד ע ט: (פארכלינעט פון װארגענדיגע טרערען) נײן... שלאפט... שלאפט געשמאק, מאמעניו... (שטעלט זיך אפ אום זיך

צו בארותיגען, זעצט פאָר) נו, שטעה אויף, מאַך זיך גרייט; גדליהו וועט שוין מסתמא באַלד אָנקומען... (האַקט זיך ווידער אָפּ, אָב אין אַ ווינקעל, פּלאַצט אויס אין טרערען — אין באהאַלטענע שטילע טרערען)

עטעל: (באַלעבט) עפּעס גלויבט זיך מיר גאָרניט... (איבערגעביטען, מעלאַנכאָליש) אַך, כ'וויים ניט... בין איך איצט געשלאָפען? עפּעס אַזוי פיל חלומות האָבען זיך מיר געבאָמ־בעלט... — וואו ביזטו, בענדעט?

בענדעט: (ווידער באהערשענדיג) אָט בין איך דאָך, מאַמעניו. (טרעט צו)

עטעל: וואָס איז, בענדעט? עפּעס ביזטו ווי פאַר־מרה־שחורה'ט...

בענדעט: (אין אַ געמאַכטער פרעהליכקייט) פאַר'מרה־שחורה'ט? נייז, עס צייגט זיך דיר אויס... נו, מאַמעניו, שטעה אויף, שטעה אויף. (פון דרויסען דערהערט זיך אַ האַסטיג צו־פאָרען, לויפט צו צום פענסטער, אַ קוק) אָט איז שוין די פור.

עטעל: (הויבט זיך אויף לאַנגזאַם) און אפשר איז דאָס אויך אַ חלום?

בענדעט: (אונטעראיילענדיג) נו, גיכער, מאַמעניו, גיכער, פרעג וועניגער; איצט איז נישט די צייט דערויף. (אַ קוק צו שעפּסלען) איצט ווייל ער שלאָפט — קום. די מינוטען זיינען געצעהלטע...

עטעל: (יאוש'דיג) אָבער, מיין קינד, ווי קאָנען מיר איבערלאָזען דעם טאַטען? ער איז דאָך אַזוי דערשלאָגען... ווי אַזוי וועט ער דאָס אויסהאַלטען?... אפשר קאָן מען דעם טאַ־טען אויך מיטנעמען... ס'איז דאָך איצט אַזאַ רחמנות אויף אים... (טרעט צו צו שעפּסלען) זעה, זיין פּנים אַזוי צוקרימט...

בענדעט: דאָס מוז זיין פון דעם בראַנפען. (קוקט זיך איין אין אים) אָביסעלע איבערגעכאַפּט די מאָס... (באַטאַ־נענדיג) און אפשר חלום'ט זיך אים עפּעס...

עטעל: יאָ, ניט קיין גוטען חלום... — יאָ, בענדעט.

אַן ערליכער מענש דיין טאַטע... און אפשר טאָר מען ניט אַזוי, בענדעט, אַ?

ב ע נ ד ע ט : (אונגעדולדיג) שטעל ווייניגער קשיות, מאַמעניו, איך בעט דיך. זאָרג זיך ניט פאַר אים. דיר איז ערגער. ער האָט אַ גלויבן, אַ שטעקן, און אַ מענש מיט אַ גלויבן איז ווי אַ שטאַרקער שלאָס: ווי אַזוי מע זאָל אים ניט קלאַפּן און וואַרפן אין דר'ערד אריין — ער בלייבט פאַר־שלאָסן. עפענט זיך און פאַרמאַכט זיך מיט אַ י י ן שליסעל. קיין פרעמדער שליסעל ק אָ ן א י ם נ י ט ע פ ע נ ע ן!... אָט דאָס איז דער טאַטע! איך וואָלט אים נישט גענומען צו זיך, ער זאָל וועלן? וועניג גערעדט?... נור אַז ער וויל ניט... אַרט מיך נישט אַזוי פאַר אים... ער וועט זיך שוין אַזוי בלייבן... וויל איך כאָטש דיך אַרויסראַטעווען... — נו, קום, איצט איז ניט די צייט צו רעדען.

ג ד ל י ה ו ו ו א ר ע נ י ק : (אונטערן פענסטער — אַ לייכטען קלאַפּ)

ב ע נ ד ע ט : (גיט אים אַ צייכען אויף אַריינצוקומען)

ע ט ע ל : עפּעס גלויבט זיך מיר גאַרניט... (מיט אָנ־געווייטיקטע בליקען אַרום זיך) אָפּגעלעבט דאָ דרייסיג יאָר און איצט וואָס האָב איך מיטצונעמען מיט זיך?... די קינדער? — האָט ער (שעפּסיל) דאָך נאָך אויך אַ חלק...

ב ע נ ד ע ט : איך בעט דיך, מאַך דאָס שנעלער. (האָס־טיג אָב)

ע ט ע ל : (דורך אַ בלוטיגען געלעכטער) כאַ, פונ'ם מלאך־המות צום געליבטען... (דרעהט זיך הין־און־הער מיט וואַקלענדיגע טריט — האַלב פון שוואַכקייט און דאָס איבריגע פון אינווענינגדיגער מורא און ווי זי וואָלט זיך ניט קאָנען שיידען מיטן שטיבעל וואו זי האָט אָפּגעלעבט די גרעסטע טייל פון איר לעבען. קורצע פּאַוזע)

ג ד ל י ה ו, ו ו א ר ע נ י ק, ב ע נ ד ע ט : (האַסטיג אַריין)

ב ע נ ד ע ט : (נעמענדיג וועלוועלען אויף די הענט) דאָס

מזיק'ל זאָל זיך כאָטש נאָך ניט צעקאַראַאוליעווען. (גנב'עט זיך ארוים מיט אים)

גדליהו וואַרעניק: נו, וואָסע, עטעל, וואָס ביזטו אַזוי פאַרזאָרגט? איז דען דאָס ניט געווען דיין אייביגער פאַרלאַנג? זיך ווייניג געריסען אַמאָל כאָטש אַ קוק צו טאָן אויף מיר?

עטעל: יאָ, אָבער עפּעס טוט מיר וועה דאָס האַרץ אויף שעפּסלען... און צו דעם נאָך די קינדער...

גדליהו וואַרעניק: דיינע קינדער, עטעל, וועלען זיין גלייך ווי מיינע; איך שווער דיר. (אומאַרמט זי)

עטעל: עפּעס גלויבט זיך מיר גאָרניט...

גדליהו וואַרעניק: עטעל!... (קושט זי)

שעפּסיל: (פון שלאָף) עטעל!...

גדליהו וואַרעניק, עטעל: (שוידערן אויף)

שעפּסיל: (ווי פריער) ביי מיר אין הויז!... (מורמעלט עפּעס נאָך, אָבער ניט געננג דייטליך)

בענדעט: (אריין, האַסטיג) נו, וואָס שטעהט איר?

עטעל: (פול מיט שרעק) בענדעט!... דער טאַטע... שטעהט אויף... האָט נור וואָס געשריגען...

בענדעט: וואָס?... (לויפט צו צו שעפּסלען, פאָרזיכטיג, אַ בליק) ווייס'ך וואָס, שלאָפט ווי ער וואָלט האָבען איינגענומען די גאַנצע וועלט. — שנעלער, שנעלער!

עטעל: (שלעפּט אויף זיך אירע קליידער)

גדליהו וואַרעניק, בענדעט: (העלפען איר מיט, איילען זיך אונטער)

עטעל: אוי, גאָט זאָל מיך כאָטש ניט שטראָפען דערפאַר... עפּעס האָב איך מורא...

בענדעט: נו, נו, געננג. דאָ איז ניט פאַר דיר. דער קורין איז דיין קבר. איצט האָט זיך פאַר דיר געעפענט אַ טיר — אַנטלויף. פאַרליר נישט קיין רגע.

עטעל: אָבער וואָס וועט ער (שעפּסיל) טאָן, מיין קינד?

בענדעט: זאָרג זיך ניט פאַר אים. ער איז אַ סטאַ־

ראַזש געווען און אַ סטאַראַזש וועט ער בלייבען. ניט ביי חייקלען וועט ער זיין ערגעץ אַנדערש. ער איז שטאַרק, זיין טרייסט וועט ער זיך שוין געפינען. דו אָבער — ביזט צו שוואַך דאָ צו בלייבען. דו מוזט האָבען לופט; ריינע, פרישע לופט מיט געזונטער שפייז. מוזט זיך היילען! רפואות מיט גוטע דאָק־טוירים — דאָס וועט דיך שטעלען צוריק אויף די פיס. און דאָ וועסטו דאָס אַלעס קיינמאָל ניט קריגען. ניט ער וועט דיר דאָס קאָנען האָקאַזשען און ווען אַפילו מיר זאָלען דיר דאָס אהער ברייננגען וועט ער הימלען איינרייסען. איצט, ווען דער קאָפּ איז אים פריטשמעליעט — שווייגט ער. אָבער ווען ער וועט זיך אויסטשוכען, דער וועהטאָג פון קלאַפּ וועט אַריבער — וועט ער ווידער בלייבען דער זעלבער סטאַראַזש ווי געווען. האָסט אויף אים גאַרניט וואָס רחמנות צו האָבען. קום איידער ער כאַפּט זיך אויף... (כאַפּט בערעלען, אָב מיט אים)

גדליהו וואַרעניק: קום, קום, עטעל. מיר האָבען דאָס לעבען ביז אהער פאַרזעהן, זאָלען מיר דאָס אצינד...

עטעל: שוין אָבער אַביסעלע צו שפּעט. וואָס איז דען שוין אונז געבליבען? דער טויט טאַנצט דאָך שוין אונז אַנט־קעגען. פילסטו דאָס ניט, גדליהו?

גדליהו וואַרעניק: מאַך זיך ניט נאַריש. מענשען וועלכע רייסען זיך צום לעבען צו זיי טרעט דער טויט ניט צו. מיינסט אַז איך בין מיט אַ פּאָר צענדליג יאָר עלטער האָב איך זיך געענדערט, אָדער מיין ליבע איז צו דיר אפשר אויסגעלאָשען געוואָרען?

עטעל: אַזוי גלויב איך, ניין?

גדליהו וואַרעניק: ניין, עטעל, האָסט אַ טעות. די ליבע וואַקסט מיט דער עלטער. אַזוי ווי דאָס לעבען — מער מע לעבט, מער ווילט זיך לעבען. האָבען מיר ניט געקאָנט פאַר־זוכען פון אונזער ליבע אין דער יוגענט, וועלען מיר... ליבע איז פונקט ווי וויין: וואָס עלטער ער איז, שטאַרקער איז ער.

עטעל: (ארומוויקלענדיג מיטן שאַל) און דו מיינסט דאָס טאַקע גאַנץ ערנסט, גדליהו?

גדליהו וואַרעניק: כ׳שווער דיר ביי מיין

לעבען, עטעל. שטענדיג ווען איך פלעג קושען מיין ווייב פלעג־סטו מיר שטעהן אנטקעגען. און פלעג איך זי שטארק דריקען צו זיך — פלעג איך דאס דיך דריקען. יא, יא, עטעל! אט פאר מיין ליבע צו דיר פלעג איך זי שטענדיג באדעקען מיט הייסע קושען און מיט מיין גאנצען כוח זי האלטען אין מיינע ארמס — אט אזוי...

עטעל: (דורך א הנאה'דיגען קרעכץ) אוי...

גדליהו ווארעניק: גלויב מיר פון שענסטען און בעסטען וועל איך ברייגנען פאר דיר און דיינע קינדער. און פאר דיין געזונט — וואס וועל איך ניט טאן... — זאג, עטעל, ווי פילסטו זיך?

עטעל: (שווייגט, וויינט)

גדליהו ווארעניק: וויינסט? (אומארמט זי ווידער)

עטעל: עפעס האב איך מורא... עפעס...

גדליהו ווארעניק: ניט געשראקען, עטעל, ניט געשראקען. אלעס איז מיט גאט'ס ווילען — דארף דאס מסתמא אויך אזוי זיין. ווען ניט...

בענדעט: (אריין האסטיג)

עטעל: גדליהו ווארעניק: (טרעטען אפ איינער פון צווייטען, עטוואס פארשעהמט)

בענדעט: נו, קומט, שוין אלעס פארטיג!

עטעל: (מיט אמאל, פארצווייפעלט) און וואס וועט זיין מיט נחמה'קעלען?

בענדעט: (צוטומעלט, שטאמלענדיג) מיר... מיר וועלען זי... מיר וועלען זי אויך מיטנעמען.. אבער... אבער זי שלאפט דאך...

עטעל: דארף מען זי אויפוועקען.

בענדעט: (זיך קאנטראלירענדיג) ניין, ניין, זאל זי שלאפען... זאל זי שלאפען... מ'דארף זי ניט וועקען... פארט איך גלייך אוועק און איך'ל בלייבען דא. און אזוי ווי זי וועט נור אויפשטעהן... וו—וועל איך זי אריבערברייגנען...

עטעל: (בעטענדיג) פאלג מיך, לאמיר זי...

ג ד ל י ה ו  װ א ר ע נ י ק : אַז בענדעט זאָגט ער װעט זי שוין ברײנגען...

ע ט ע ל : אפשר װעט זי אָבער מיט אים ניט װעלען געהן?

ב ע נ ד ע ט : מאַמעניו, איך בעט דיך, פרעג װעניגער... איך װעל טאָן װאָס איך װעל נור קאָנען... נור איר פאָרט שוין אװעק.

ע ט ע ל : כ'האָב מורא זי װעט ניט װעלען אװעקגעהן פון טאַטען.

ב ע נ ד ע ט : מוזטו טאַקע דערױף זײן גרײט... אָבער מוזט דאָך ניט מפקיר זײן זיך מיט די איבעריגע קינדער בלױז צוליב איר. װעט זי װעלען געהן מיט מיר — איז גוט, און אויב ניט זאָל זי דאָ בלײבען מיטן טאַטען. (גאַליג) דער טאַטע דאַרף דאָך אויך עפּעס אַ טרײסט, זאָל זי אים טרײסטען. — אַלזאָ, פאָר מיט זײ, גדליהו, און איך װעל דאָ בלײבען. און אפשר — נײן, איך װעל אויך פאָרען מיט אײך, אײך צופירען און זיך נאָכדעם אומקערען. קומט.

ע ט ע ל : (שטעהט אַ צומישטע, װי זי װאָלט זיך ניט קאָנען קײן עצה געבען)

ג ד ל י ה ו  װ א ר ע נ י ק : קום, קום, עטעל, גענוג.

ע ט ע ל, ב ע נ ד ע ט , ג ד ל י ה ו  װ א ר ע נ י ק : (אָב. פּאַוזע)

ב ע נ ד ע ט : (אַרײן אין אײלעניש, אויפגעװיװעט, צו נחמה'קען) נאָך אײן קוש מײן טויטער שװעסטער, װעלכע כ'האָב ליב געהאַט װי מײן לעבען... (קושט זי) שװעסטער, שװעסטער! מײן שעהנע שװעסטער! שטיל איז געװען דײן לעבען און אַזױ אויך דײן טויט. יאָ, ביזט טויט — און דאָס לעבען מיט דײן שעהנקײט שװעבט דיר נאָך אויף דײן פּנים... (װײנט, קושט זי װידער. פּאַוזע. אָב צו שעפּסלען) און דו, מײן טאַטע, אײביגער סטאַראַזש!... אַלע דײנע יאָרען האָסטו געהיט פרעמדס און דײנס פאַרנאַכלעסיגט, יעצט װען דו װעסט אויפשטעהן װעסטו ערשט אפשר באַגרײפען דעם לױן פון די װעלכע היטען יענעמס

און טראכטען ניט פון אייגענעם... איך ווינש דיר מוט צו באַקעמפּפן שמערצען ווען דו וועסט זיך צעדרעכען פון שלאף און זיך גוט אויסרייבען דיינע פארשלאפענע אויגען און איינזעהן וואס גאט׳ס ווילען מיינט. יא, בלייב דיר מיט דיין גלויבען אזוי לאנג ווען ס׳איז שוין ניטא מער קיין קרבנות פון דיינע אייגענע וועלכע זאלען פאלען פאר אים. פרעמדע זאלען שוין איצט ליידען פאר נחמה׳קען, פאר דעם אייגענעם קרבן פון דיין בלינדען גלויבען...

ג ד ל י ה ו  ו ו א ר ע נ י ק : (אונטערן פענסטער) בענדעט!

ב ע נ ד ע ט : (צו נחמה׳קען, הארציג) אויף אייביג פארלאז איך דיך, מיין טייערע טויטע שוועסטער, און אויך דיך, מיין וויסטען קורין — כאטש דו ביזט דאס וויגעלע פון מיין קינדהייט!... (אב לאנגזאם מיט א געבויגענעם קאפ און צופּייניקטען הארץ. — פון דרויסען דערהערט זיך באלד א רעש׳יג אפפארען. פאוזע)

ש ע פ ס י ל : (פון שלאף) אוועק! אוועק!... וואו׳ז מיין שטעקען?... עטעל!... נחמה׳קע, מיין שטעקען!... איך — א גנב?!... (ווארפט זיך, ווארפט זיך — ערוואכט. מיט שטארע אויגען ארום זיך) א חלום געווען?... פו, וואס פאר א פאסקודנער חלום... (אטעמט אפ א רגע שווער, לאזט זיך פאררויכערען) שוין אוועק די שאיקע... ווי א בילמע זיינען זיי מיר אויף די אויגען!... (שטעהט אויף, פאררויכערט געלאסען זיין ליולקע, רויכערט, קורצע פאוזע) עטעל! (טרעט צו צום בעט) עטעל! (טאפענדיג) עטעל... נישטא? — וועלוועלע! בערעלע! (צוטראגען) וואו זייט איר?... (דרעהט זיך ארום צומישט) גאט, וואס הייסט דאס?... אליין געבליבען?... כ׳פארשטעה ניט... אין מיטען דער נאכט — ו ו א ו ה י ן האבען זיי געקאנט אוועק?... (קורצע פאוזע) נחמה׳קע!... (טרעט צו צום אויווען) שטעה אויף, נחמה׳קעלע... (וועקט זי) שלאפסט נאך?... — כאטש זי איז דא... אבער ו ו א ו קאנען דאס זיין די איבריגע? וואוהין האבען זיי געקאנט אזוי פלוצים אוועק?... ערשט געווען און . . .

(שטעהט, קלערט, דרעהט זיך ארום, טרעט ווידער צו צום אויווען) נחמה'קעלע!... (פול מיט געבעט) שטעה אויף... שלאפט גע־שמאק. יא, נאך א גלעזעל ספירט און נאך א פראסט שלאפט זיך געשמאק. — אבער, גאט מיינער, וואוהין האט דאס געקאנט אוועק עטעל מיט די קינדער?... אין אזא פראסט און אזוי שפעט אין דער נאכט?... כ'פארשטעה ניט, כ'פארשטעה ניט... (ברעכט זיך דעם מוח, קורצע פאוזע) נחמה!... נחמה'לע, שטעה אויף, איך בעט דיך, דו ביזט דאך יעצט די איינציגע וועלכע ביזט יעצט מיט מיר... שטעה אויף... (שאקעלט איר די פיס) אזוי געשמאק שלאפען... — נו, נחמה'קע, נחמה'לע, איך בעט דיך, שטעה אויף... (אומרוהיג) שטעה אויף, מיין טרייסט, כ'בין געבליבען אליין; דיין מאמע מיט די קינדער זיינען אוועק... נו, שטעה אויף... ווי ס'איז זי ניט צו דערוועקען!... (שטעלט זיך ארויף אויפן ביינקעל, פירט זיינע הענט איבער איר געזיכט) וואס איז דאס, עפעס אזוי קאלט דיין פנים... נחמה'קעלע, שטעה אויף... דיין שווייגען... וואס?... גאט!... טויט?... גאט — זי איז טויט!... מיין טרייסט איז טויט!... א, גאט! (פאלט צו צו איר, פאוזע. נעמט זי ארונטער, לייגט זי אויפן טופ־טשאן קעגען פענסטער, ארונטער אויף די קנים) א, גאט! ווארום האסטו מיך אזוי געשטראפט?! ווארום האסטו מיין טרייסט גערויבט פון מיר?! קומט דאס מיר אזוי?! קומט דאס אזוי דעם ערליכען שעפסלען דעם סטאראזש?... (אויף די פיס, עקס־טאזיש) איז דאס דערפאר ווייל איך האב אלע מיינע יארען געהיט פרעמדס, ערליך געדינט און געווען א סטאראזש?...

---

**סוף.**